יעקב פיכמאַן.

# פאַר שול און פאָלק.

## חרעסטאָמאַטיע.

בעשטימט פאַר געוועהנליכע= און אָוועגד=שולען.



פערלאַג א. גיטלין, וואַרשוי.

1912 תרע"ג

* *

*

דאָס שווערסטע, בײַם צוזאַמענשטעלען פון אַ יודישער חרעסטאָמאַטיע, איז צו בעשטימען, וועלכֿער מאַטעריאַל איז פּאַסיג פאַר דער אָדער יענער טהייל און פעסטצושטעלען בכלל איהרע גרענצען. דער למוד פון דער יודישער שפּראַך און ליטעראַטור האָט נאָך, צום בעדויערן, ניט זײַן טיפּישע שול, און ניט זײַן בעשטימטען שילער, און דער מחבר פון דיעזען בוך האָט געמוזט אין זינען האָבען אײַנצײַטיג אי דעם געוועהנליכֿען שילער, אי די אָווענד-שול, ניט פערגעסענדיג בײַדע. דאָס האָט, געוועהנליך, אויסגעשלאָסען די מעגליכֿקײַט זיך פעסט צו האַלטען בײַ אַ געוויסען פּראָגראַם, און האָט אַרויפגעלעגט אַ בעזונדער חותם אויף ד״ם בוך, וואָס דאַרף צו זײַן אַ יודישע חרעסטאָמאַטיע, אי פאַר דער שול, אי פאַר׳ן פאָלק.

נאָר אויב קײן פעסט בעצייכֿענטעס, אויסערליכֿעס פּראָגראַם האָט דיעזע חרעסטאָמאַטיע ניט געקענט האָבען, האָט זי אָבער אַ שטרענגע אינערליכֿע סיסטעם, לויט וועלכֿער דער מחבר האָט געקליבען און צוזאַמענגעשטעלט דעם מאַטעריאַל. אַלס יסוד פון דיעזער סיסטעם איז געלעגט דער געדאַנק, אַז אין אַ חרעסטאָמאַטיע, פאַר וועלכֿען וואוקס זי זאָל ניט זײַן בעשטימט, טאָרען ניט אַרײַנקומען זאַכֿען, וואָס האָבען ניט קײן קינסטלערישען ווערטה. ערציהען קינדער אויף קינסטלערישע ווערק הייסט — זיי ערציהען אויף אמת׳ע ווערק, ווײַל נאָר אין עכֿטער קונסט דריקט זיך אויס דער טיעפער אמת פון לעבען, פון מאָראַל, פון שענהײַט. דער מחבר האָט, אַלזאָ, כמעט איגנאָרירט דעם געוועהנליכֿען מאַטעריאַל, מיט וועלכֿען מע פוצט געוועהנליך אויס אַלע חרעסטאָמאַטיעס, און זיך בעמיהט געבען אין דיעזען בוך פון דעם שענסטען און בעסטען, וואָס אונזער יונגע יודישע ליטעראַטור פערמאָגט, זייענדיג פעסט איבערצײַגט, אַז נאָר אַזוינע זאַכֿען קענען ערציהען און פערפײַנערן די געפיהלען פון אמת׳ער שענהײַט, פון אמת׳ען מאָראַל אין די הערצער פון קלײנע און גרויסע שילער, און זיי שאַפען אַ ווירקליכֿע פאָרשטעלונג פון לעבען און זײַנע ערשײַנונגען.

נאָר אין דער לעצטער אָבטהײלונג — „דער מענש און די נאַטור" האָט דער מחבר ניט געקענט בלײבען טרײ זײן סיסטעם, און חאָטש ער אַלײן איז דער גרעסטער געגנער פון דעם געװיסען מין ליטעראַטור און װיסענשאַפט, װאָס װערען בעצײכענט אַלס „פּאָפּולערע", זײענדיג פעסט איבערצײגט, אַז עס גיבט גישט ניט קײן פּאָפּולערע ליטעראַטור און ניט קײן פּאָפּולערע װיסענשאַפט, נאָר עס איז דאָ פון אײן זײט גוטע ליטעראַטור און אמת'ע װיסענשאַפט, און פון דער צװײטער — געמײנע ליטעראַטור און פאַלשע װיסענשאַפט, האָט ער דאָך געמוזט אין אַ בוך, װאָס איז בעשטימט פאַר די ברײטע שיכטען פון פאָלק, געבען, אױף װיפיעל עס איז מעגליך אין פּאָפּולערע אַרטיקלען, װעלכע-עס-איז פאָרשטעלונג פון דער נאַטור און אידרע װיכטיגסטע ערשײנונגען.

עס איז ניט מעגליך, אַז אַ יודישע קינסטלערישע חרעסטאָמאַטיע, װאָס איז דערװײל בײ אונז כמעט נאָך גאָר אַ ערשטער פּרוב, זאָל שױן זײן אינגאַנצען פרײ פון פעהלערן. נאָר דאָך האָפט דער מחבר, אַז זײן בוך װעט אין אונזער אָרימער יודישער ערציהונגס-ליטעראַטור ניט זײן קײן איבעריגע ערשײנונג.

י. פ.





1.

# זיעבּען גוטע יאָהר.

א פאָלקס-מַעֲשֶׂה פון י. ל. פּרץ.

## I.

אַמאָל איז געוועזען אַ טרעגער, האָט ער געהייסען טוביָה און איז געוועזען אַ גרויסער אָרימאַן. איינמאָל, דאָנערשטאָג, שטעהט ער אַזוי אין מאַרק, מיט די פּאָלעס פערשאַרצט אונ-טער׳ן שטריק אויף די לענדען, און קוקט אויס, פון וואַנען עס וועט קומען זיין הילף, ער זאָל פערדיענען עפּעס אויף שַׁבָּת. און דאָ שטעהען די געוועלבען אַרום און אַרום ליידיג. אֵין יוֹצֵא וְאֵין בָּא, מען זעהט נישט, עס זאָל עמיצער קומען סְחוֹרָה קויפען, עס זאָל זיין וואָס אָבצוטראָגען. הויבט ער, נעבּיך, אויף די אויגען צום הימעל מיט אַ געבעט, ער זאָל חָלִילָה, קיין פערשטערטען שַׁבָּת נישט האָבען, און זיין ווייב סעריל מיט די קינדערלעך זאָלען, חַס וְשָׁלוֹם, נישט הונגערן אום שַׁבָּת.

ווי ער איז אַזוי מִתְפַּלֵּל, דערפיהלט ער, אַז עמיץ גיט

איהם אַ צִיה פֿאַר דער פּאָלע. קוקט ער זיך אום, זעהט ער פֿאַר זיך אַ דייטשעל, אָנגעטהון ווי אַ שיסער אין וואַלד, מיט אַ פֿעדער אויפ'ן קאַפּעלושעל און אַ גריגעם איפּלאָג אויפ'ן שפּענצער. און דאָס דייטשעל זאָגט צו איהם אויף ריין דייטש, וואָס מיר זעצען דאָ איבער אויף עברי-טייטש, מיט די ווערטער:

— הער, טוביה, דיר איז בעשערט געוואָרען זיבען גוטע יאָהר, זיבען יאָהר פֿון מזל און הצלחה, און אוצרות געלד. ווענדט זיך עס אָבער אָן דיר, ווען דו ווילסט האָבען די גוטע יאָהר. ווילסטו, — וועט דיר אויפשיינען דיין מזל נאָך דעם היינטיגען טאָג, און איידער עס וועט אונטערגעהן די זון, וואָס שטעהט דיר איבער'ן קאָפּ, וועסטו קאָנען אָבקויפען די גאַנצע שטאָדט מיט דער סביבה, אָבער נאָך זיבען יאָהר וועסטו צוריק ווערען אַזוי אָרימאַן, ווי דו ביזט געוועזען. און ווילסטו, — וועט די גוטע, געבענטשטע צייט קומען ערשט צום סוף פֿון דיינע יאָהרען, און דו וועסט אַוועקגעהן פֿון דער וועלט דער גרעסטער נגיד.

געוועזען איז עס, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אליהו הנביא, וואָס האָט זיך, ווי זיין שטייגער איז, אין אַ דייטשעל פֿערשטעלט. טוביה אָבער האָט געמיינט, אַז עס איז, להבדיל אלף אלפי הבדלות, אַ פּראָסטער כישוף-מאַכער, ענטפֿערט ער איהם:

— מיין ליעב דייטשעל, לאָז די מיך געמאַך, ווארום איך בין, נישט פֿאַר דיר געדאַכט, אַ גרויסער עני ואביון, איך האָב אויף שבת נישט, און איך האָב דיר נישט מיט וואָס צו בעצאָהלען פֿאַר דיינע עצות מיט דיין טרחה.

אַז דאָס דייטשעל אָבער האָט איהם נישט אָבגעלאָזט און איבערגע'חזר'ט איהם די ווערטער איינמאָל, צוויי מאָל און

דריי מאָל, איז עס טוביה׳ן שוין אַריין אין קאָפּ, ענטפערט ער איהם:

— ווייסטו וואָס, ליעב דייטשעל, אויב דו מיינסט עס ערנסט מיט מיר און ביזט נישט קיין לועג לרש, און דו פרעגסט מיך באמת, מוז איך דיר זאָגען, אַז איך בין מיך נוהג, ביי יעדער זאַך, וואָס קומט מיר פאָר, זיך איין עצה צו האַלטען מיט מיין ווייב סעריל און אָהן איהר קאָן איך דיר קיין קלאָרע תשובה נישט געבען.

זאָגט איהם דאָס דייטשעל, אַז עס איז זעהר אַ גוטע זאַך, זיך איין עצה צו האַלטען מיט דער פרוי, און ראָט איהם, ער זאָל זי געהן פרעגען, און ער, דאָס דייטשעל הייסט עס, וועט דאָ שטעהן און וואַרטען אויף אַ תשובה.

טוביה קוקט זיך נאָך אַמאָל אום אין אַלע זייטען, קיין פערדיענסט זעהט ער נישט, טראַכט ער זיך, וואָס קאָן ער דאָ אָנווערען, ער וועט אַהיים געהן פרעגען. לאָזט ער אַראָב די פּאָלעס און געהט אַרום הינטער דער שטאָדט, וואו ער האָט געוואָהנט, כמעט שוין אויפ׳ן פעלד, אין אַ ליימען שטיבעל, איבערשמועסען זיך מיט סעריל זיין ווייב.

II.

ווי סעריל האָט איהם דערזעהן דורך די אָפענע טהיר (עס איז זומער געווען), איז זי איהם אַרויסגעלאָפען אַקעגען מיט גרויס שמחה, זי האָט געמיינט, אַז ער ברענגט איהר איין התהלה אויף שבת, זאָגט ער איהר אָבער:

— ניין, סעריל, זיין ליעבער נאָמען האָט מיר נאָך קיין פערדינסט נישט בעשערט, דערפאַר אָבער איז צו מיר געקומען אַ דייטשעל...

און ער דערצעהלט איהר אַזוי און אַזוי, כַּאֲשֶׁר כְּבָן, דאָס דײַטשעל זאָגט, אַז עס איז איהם בעשערט זיבּען גוטע יאָהר, און עס ווענדט זיך אָן איהם, ווען די גוטע יאָהר זאָלען קומען, אַצונד אָדער פאַר דער פְּטִירָה. פרעגט ער בײַ איהר איין עֵצָה: ווען?

טראַכט סערל נישט לאַנג און ענטפערט איהם:

— געה, מײַן ליעבער מאַן, און זאָג דעם דײַטשעל, אַז דו ווילסט די זיבּען גוטע יאָהר אויף דער רֶגַע.

— פאַרוואָס, סערל? — פרעגט טוֹבְיָה פערוואונדערט, — נאָך זיבּען יאָהר, וועלען מיר דאָך ווערען צוריק אָרימע לײַט, און דעם יוֹרֵד איז דאָך ערגער, ווי אַ פראָסטען אָרימאַן?

— פערזאָרג נישט, מײַן ליעבער גוטער פרײַנד, די וועלט, דערווײַל נעהם, וואָס מען גיט דיר און זאָג: בָּרוּךְ ה׳ יוֹם יוֹם! בִּפְרַט, אַז מען דאַרף הֶדֶר-געלד פאַר די קינדער. מען האָט זײַ מיר אַהײַם געשיקט, אַט זעה, ווי זײַ שפּיעלען זיך אין זאַמד.

דאָס איז גענוג געווען, טוֹבְיָה זאָל צוריק לויפען צום דײַט-שעל מיט אַ קלאָרער תְּשׁוּבָה, אַז ער וויל די זיבּען גוטע יאָהר תּוֹךְ כְּדֵי דִבּוּר.

זאָגט איהם דאָס דײַטשעל:

— רעכען נאָר איבּער, טוֹבְיָה, היינט בּיזט דו אַ מענש מיט כֹּחַ און קאָנסט פערדיענען, אַמאָל מעהר, אַמאָל וועניגער... וואָס וועט אָבּער זײַן שפּעטער, אַז דו וועסט עלטער ווערען און וועסט זײַן אַ יוֹרֵד, און אַזוי פיעל כֹּחַ צו דער אַרבּייט וועסט דו אויך נישט האָבּען —

ענטפערט טוֹבְיָה:

— הער, דײַטשעל, מײַן ווײַב סערל וויל בּאַלד. ערשטענס,

ואָגט זי, בָּרוּךְ ה׳ יום יום, און היינט אויף שפּעטער ניִשט זאָרגען, און צווייטענס האָט מען אונז די קינדער פון חֶדֶר אַהיים געשיקט...

—אויב אַזוי—זאָגט איהם דאָס דייטשעל,—גייה אַהיים, און אי־דער דו וועסט קומען אין שטוב אַריין, וועסט דו זיין איין עוֹשֶׁר!

וויל ער איהם פּאָרט איבערפרעגען וועגען נאָך די זיבען יאָהר, איז איהם אָבער דערווייל דאָס דייטשעל פערשוואונ־דען געוואָרען.

געהט ער, טוֹבִיָה, אַהיים. געוואָהנט, האָבען מיר שוין געזאָגט, האָט טוֹבִיָה הינטער דער שטאָדט, כִּמְעַט אויפ׳ן פרייען פעלד. קומט ער צו צו דער שטוב, זעהט ער, ווי די קינדער שפּיעלען זיך הינטער דער שטוב אין זאַמד, געהט ער צו, דערזעהט ער, אַז זיי שאַרען אַרויס פון אַ גריבעל ניִשט קיין זאַמד, נאָר ריין גאָלד, טאַקע זָהָב טָהוֹר... פערשטעהט זיך, אַז מעהר האָט מען ניִשט געדאַרפט, עס האָבען זיך שוין אָנגעהויבען די זיבען יאָהר, די זיבען מַזָל׳דיגע יאָהר...

III.

די צייט לויפט אָבער פייל פון בויגען, און זיעבען יאָהר געהען אַריבער געשווינד. קומט נאָך די זיבען יאָהר דאָס דייט־שעל צו טוֹבִיָה׳ן איהם אָנצוזאָגען, אַז די זיבען יאָהר זענען אַריבער און אַז היינט פאַרנאַכט וועט נֶעְלָם ווערען דאָס גאָלד אין דער ערד, דאָס גאָלד אין שטוב און אַפילו דאָס גאָלד, וואָס זיי האָבען געקאָנט בעהאַלטען ביי לייטען...

טרעפט ער טוֹבִיָה׳ן, ווי ער שטעהט אין מיטען מאַרק, ווי פאַר זיבען יאָהר, מיט דיזעלבע פערשאַרצטע פּאָלעס הינטער די לענדען און קוקט אוים אויף אַ פערדינענסט. זאָגט ער איהם: הער, טוֹבִיָה, די זיבען יאָהר זענען אַריבער!

ענטפערט איהם טוביה: גיה זאָג מיין ווייב סעריל, ווייל דאָס עשירות איבער די גאַנצע זיבען יאָהר איז געווען ביי איהר אין דער האַנד.

געהען זיי ביידע אַרויס הינטער דער שטאָדט און קומען צו'ם זעלבען ליימענעם הייזעל אויפ'ן פעלד און טרעפען סערלען פאַר דער טהיר. און זי איז אויך אָרים געקליידט ווי אַמאָל נאָר איהר פנים שמייכעלט.

זאָגט איהר דאָס דייטשעל מיט די זעלבע ווערטער, אַז די זיבען גוטע יאָהר זענען אַוועק.

ענטפערט זי איהם, אַז זיי האָבען קיין גוטע יאָהר נאָך נישט אָנגעהויבען צו האָבען, אַז זיי האָבען קיינמאָל נישט געהאַלטען דאָס געלד פאַר זייער אייגענס, ווייל, וואָס אַ מענש פערדיענט מיט זיינע צעהן פינגער, דאָס איז זיינס, און אַזוי עשירות, וואָס קומט אָהן שוויים און אונגעזוכט, איז נאָר אַ פקדון, וואָס זיין ליעבער נאָמען לאָזט איבער ביי מענשען אין די הענד פאַר אָרימעלייט'ס וועגען.. זי האָט נאָר פון געלד אויף שכר למוד גענומען, דאָס איז גאָט'ס תורה, מעג מען פאַר זיין תורה מיט זיין געלד צאָהלען, מעהר נישט! און אויב זיין ליעבער נאָמען האָט פון היינט אָן אַ בעסערן בעל־פקדון פאַר זיין געלד, מהיכא תיתא, זאָל ער צונעהמען און איבערגעבען איין אַנדערן!

אליהו הנביא האט עס אויסגעהערט און איז נעלם געוואָרען. ער האט עס איבערגעגעבען דעם בית־דין של מעלה, און דער בית־דין של מעלה האט געפסק'ענט, אַז עס איז קיין בעסערער בעל־פקדון נישט פאַראַן. און די זיבען יאָהר האָבען זיך נישט אויסגעלאָזט כל־זמן טוביה און זיין ווייב סעריל האָבען געלעבט.



# אונטער די גרינינקע בוימעליך.

א ליעד פון ח. נ. ביאליק.

אונטער די גרינינקע בוימעליך
שפיעלען זיך משה׳ליך, שלמה׳ליך;
ציצית, קאפאטקעליך, פאה׳ליך —
יודעליך פריש פון די אייעליך.
גופי׳ליך — שטרוי, רויך און פעדערליך —
נעהם און צובלאז זיי אויף גליעדערליך —
חאפען זיי אויף גרינגע ווינטעליך
און עם צוטראגען זיי פויגעליך...

נור איין זאך פערמאגען זיי — אויגעליך,
די אויגען פערמאגען צוויי פינטעליך,
וואס גליהען און פינקלען און טיקען זיך,
און עפים ווי נביא׳יש און וואונדערליך
פערטראכטען זיך טיעף און פערקוקען זיך
אויף נעכטיגע טעג און אויף פויגעליך...
אוי, מיר זאל זיין, יודישע קינדערליך,
פאר אייערע כשר׳ע אויגעליך!...

# דער רב און דער לייב.

(אַ פאָלקס-מעשה).

מיט אַ סך יאָהר צוריק האָבען די ספרדים, וואָס וואָהנען אין ירושלים געשיקט ווייער'ן אַ משולח, פון די גרויסע רבנים, קיין מצרים זאַמלען נדבות פאַר די אָרעמע לייט און ישיבות פון ארץ ישראל.

דער משולח איז געווען אַ גרויסער צדיק, אַ שענער רעדנער מיט פיעל מעלות. געקומען קיין חברון, האָט ער דאָרטען געטראָפען פיעל ישמעאלים און אַראַבער, וואָס געהען דורך דער מדבר קיין מצרים.

רעדט דער משולח אָב מיט דעם שײך, דאָס הייסט, מיט דעם עלצטען פון דער שיירה, אַז ער מוז רוהען דעם זיעבעטען טאָג, שבת. דערפאַר גיט ער איהם מעהר געלד און דער שײך זאָגט דאָס איהם צו. געקימען דער לעצטער טאָג, זענען אַלע מתפלל צו גאָט ער זאָל זיי ברענגען בשלום למחוז חפצם און לאָזען זיך אין וועג אַריין.

עס קומט פרייטאָג פאַרנאַכט, בעט דער משולח ביי דעם עלצטען פון דער שיירה, ער זאָל מקיים זיין די הבטחה צו רוהען אום שבת.

לאַכט זיך דער שײך אויס פון איהם, און אַז דער משולח הויבט איהם אָן שטאַרק צו בעטען, זאָגט איהם דער שײך פראָסט, אַז ער קאָן די גאַנצע שיירה ניט אָבהאַלטען צוליעב איין מענשען.

קרענקט דאָס שטאַרק דעם משולח. וואָס טהוט מען דאָ? בלייבען איינער אַליין אין דעם מדבר צווישען חיות רעות איז זעהר ביטער. געהן מיט זיי, ווי אַזוי איז מען מחלל שבת? פועל'ט דער משולח ביי זיך צו בלייבען אין דעם מדבר, אַבי ניט מחלל שבת זיין. ווייל אַזוי איז אַ ספק, צי וועט ער אומקימען, צי וועט ער בלייבען לעבען. און אַז ער וועט מחלל שבת זיין, פערליערט ער געוויס זיין עולם הבא. אַ יוד דאַרף האָבען בטחון. מיר האָבען אַ גרויסען גאָט.

קריכט דער משולח באַלד אַראָב פון זיין איזעל, נעהמט זיינע זאַכען און לאָזט די שיירה געהן איהר וועג.

לאַכען די רייזענדער פון איהם און האַלטען איהם פאַר משוגע,

און נאָר אַ טייל פון זיי שאָקלען די קעפּ מיט רחמנות. אַ מענש לאָזט
זיך אויף אומצוקומען.

דערווייל האַלט שוין ביי שְׁקִיעַת הַחַמָּה. דער מְשׁוּלָּח שטעלט
זיך מיט זיין פָּנִים צו מִזְרָח און דאַווענט. נאָכדעם קִידּוּשׁ געמאַכט,
אָבגעגעסען, געזונגען זְמִירוֹת און געבענשט. בעט זיך דער מְשׁוּלָּח
אויס און וויל זיך לעגען שלאָפען. פלוצים דערזעהט ער פאַר זיך אַ
לייב שטעהן, אַ שרעקליכען גרויסען לייב.

פאַלט אויף דעם מְשׁוּלָּח אָן אַ טויט־שרעק, און ער מיינט: זיין
סוֹף איז דאָ. זעהט ער אָבער, אַז דער לייב שטעהט פון וויטען און
קוקט אויף איהם מיט גוטע ליעבליכע אויגען. דערמאָהנט ער זיך אָן
די נִסִּים, וואָס גאָט האָט אַמאָל געטהון מיט דָּנִיֵּאל׳ן, ווען די
לייבען האָבען איהם אַרומגערינגעלט און אַ מַלְאָךְ פון גאָט האָט זייע־
רע מיילער פערשלאָסען, זיי זאָלען איהם קיין שלעכטס נישט טהון.

הויבט דער מְשׁוּלָּח וויטער אָן צו זינגען זְמִירוֹת און לויבען צו
הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ. ער דערקענט אין לייב׳ס אויגען, אַז איהם געפעלען
זעהר זיינע זְמִירוֹת, פערשטעהט ער, אַז דער אויבערשטער וויל מיט
איהם טהון אַ נֵס. זינגט ער אַזוי לאַנג, ביז ער ווערט מיעד און
ווערט אַנטשלאָפען.

אין דער־פריה עפענט דער מְשׁוּלָּח די אויגען און זעהט, דער
לייב שטעהט נאָך אַלץ נעבען איהם, ווי נעכטען, און קוקט אויף איהם
פריינדליך. איז שוין זיין הארץ אינגאַנצען רוהיג. ער איז שוין זיכער, אַז
קיין שלעכטס וועט מיט איהם ניט געשעהן, אַז דעם לייב האָט איהם
זיין ליעבער נאָמען צוגעשיקט און בעפוילען, ער זאָל איהם אָבהיטען
אין דעם שרעקליכען מִדְבָּר. ווערט זיין האַרץ פול מיט דאַנק צו גאָט,
בָּרוּךְ הוּא, און ער הויבט אויף זיין קול און לויבט איהם פאַר דעם
גרויסען וואונדער, וואָס ער האָט איהם בעוויזען. ער עסט אויף דאָס
גאַנצע ברויט, און טרינקט אויס דעם גאַנצען וויין, און ער פערלאָזט
זיך אויף גאָט, אַז ער וועט, חַס וְשָׁלוֹם, ניט לאָזען שטאַרבען פון
הונגער און דאָרשט.

ווידער האַלט עס ע״ין ביי שְׁקִיעַת הַחַמָּה. דער רַב דאַווענט
מַעֲרִיב, מאַכט הַבְדָּלָה און זינגט פרעהליך „הַמַּבְדִּיל בֵּין קוֹדֶשׁ
לְחוֹל“... אינ׳ם זעלבען אויגענבליק גיט זיך דער לייב אַ הויב אויף
פון זיין אָרט, דרעהט מיט׳ן עק און לעקט דעם מְשׁוּלָּח׳ס הענד, ווי
אַ געטרייער הונד. נאָכדעם ציהט ער זיך אויס פאַר איהם, גלייך ווי
ער וואָלט איהם בעטען, ער זאָל זיך אויף איהם זעצען רייטענדיג.

פֿערשטעהט דער מְשׁוּלָח, וואָס דער לייב מיינט, נעהמט זיין רייזע־זאַק און לעגט עס אַרויף אויפ'ן לייב, נאָכדעם זעצט ער זיך אַליין אויך אויף זיין רוקען, און דער לייב לאָזט זיך לויפענדיג איבער דעם מִדְבָּר, און לויפט מיט'ן מְשׁוּלָח ביז אין ווייסען טאָג אַריין.

אין דער־פֿריה דערגרייכען זיי ביידע די שְׁיָרָה. ווי נאָר די רייזענדער האָבען דערזעהן דעם מְשׁוּלָח רייטענדיג אויפ'ן לייב, זענען זיי אַלע דערציטערט געוואָרען און האָבען פֿערגאַפֿט בעטראַכט דאָס וואונדערליכע בילד. דערווייל ציהט זיך דער לייב אוים אויף דער ערד און דער מְשׁוּלָח קריכט זיך געלאַסען אַראָב, נעהמט זיין רייזע־זאַק און בלייבט שטעהן אויף דער ערד. בְּרֶגַע זֶה גיט זיך דער לייב אַ הויב אויף מיט אַ שרעקליכען ברום, לאָזט זיך אַוועק ווי אַ פֿייל אויסען בויגען און ווערט גלייך פֿערשוואונדען.

פֿערשטעהט שוין די שְׁיָרָה, אַז דאָס איז אַ געטליכער מאַן. פֿאַלט דער שׁאך איהם צו די פֿיס, וויינט און בעט איהם, ער זאָל ניט בייז זיין אויף איהם און זאָל איהם ניט געדענקען צו שלעכטען.

פֿון יענעם טאָג אָן רופֿט מען דעם רב מיט דעם נאָמען „אֲרִיאֵל", ווייל גאָט האָט געשיקט אַ לייב, ער זאָל איהם היטען און רעטען פֿון טויט. אין דער שטאָדט חֶבְרוֹן געפֿינט זיך נאָך ביז היינטיגען טאָג די פֿאַמיליע אֲרִיאֵל, וואָס קומט אַרויס פֿון יענעם הייליגען מאַן.

---

# אין דֶער־פְרֶעמְד.

פֿאָלקס־ליעד.

גֶעפֿלויגֶען, גֶעפֿלויגֶען די גאָלדענֶע פֿאַווע
איבער אַלֶע יַמ'ען,
לאָז־זשע גערִיסֶען, דו גאָלדענֶער פֿויגֶעל,
מיין ליעבער, מיין האַרציגער מאַמען.

איז גֶעפֿלויגֶען די גאָלדענֶע פֿאַווע
איבער'ן טייך דעם גלאַטען.
לאָז־זשע גערִיסֶען, דו גאָלדענֶער פֿויגֶעל,
מיין ליעבֶען, מיין האַרציגֶען טאַטען! —

איז געפלויגען די גאָלדענע פּאַווע
איבער אַלע פעלדער,
האָט זי פערלאָרען די גאָלדענע פעדער
אין די פרעמדע לענדער.

ניט אַזוי די גאָלדענע פעדער,
ווי די פּאַווע אַליין; —
ניט אַזוי די שלעכטע צייטען,
ווי אין דער-פרעמד אַליין!..

## דער אוצר.

אַ פאָלקס-מעשׂה פון י. ל. פּרץ.

I.

צו שלאָפען תמוז-צייט אין אַ שטיבעל פון ד׳ עלד׳, צו-זאַמען מיט אַ ווייב און אַכט קינדערלעך, איז נישט קיין גרוי-סער תענוג, האָטש פרייטאָג-צו-נאַכטס. האָפּט זיך שמעריל האָלץ-העקער אויף נאָך האַלבער נאַכט איין אָבגע-קאָכטער און אָהן אָטעם, גיסט זיך געשווינד אָב די נעגעל, האָפּט אויף זיך דאָס האַלאַטעל און לויפט אַ באָרוועסער פון טריקענעם גיהנום אַרויס. קומט ער אין גאַס אַריין — שטיל, אַלע לאָדען פאַרמאַכט, און איבער׳ן שלאָפעדיגען שטעדטעל שטעהט אַ הויכער, שטילער, אויסגעשטערנטער הימעל. דאַכט זיך איהם, אַז אַצונד איז ער איינער אַליין מיט גאָט, ברוך הוא; מאַכט ער, אַרויפקוקענדיג צום הימעל: „נו, רבונו של עולם, אַצונד איז צייט, זאָלסט מיך אויסהערען און בענטשען מיט איין אוצר פון דיינע אוצרות”. ווי ער זאָגט דאָס אַרויס, דערזעהט

ער, אַז פֿאַר איהם לויפֿט עפּיס אַפֿלעמעל פֿון שטעדטעל אַרויס. פֿערשטעהט ער, אַז דאָס איז עס. ווייל ער נאָכלויפֿען, דערמאָנט ער זיך, אַז עס איז שַׁבָּת, אַז לויפֿען טאָר מען נישט, — געהט ער נאָך. און אַזוי ווי פּאַמעליך ער געהט, אַזוי פּאַמעליך הויבט אויך דאָס פֿלעמעל אָן צו געהן, און דער מַהֲלָךְ צווישען איהם און דעם פֿלעמעל ווערט נישט לענגער, נישט קירצער. געהט ער, מיילמאָל רופֿט זיך איהם עפּעס אָן אין האַרץ: שמעריל, זיי קיין נאַר נישט, נעהם אַראָב דאָס האַלאַטעל, טהו אַ שפּרונג־אונטער, און וואַרף עס אַרויף אויף דעם פֿלעמעל! פֿערשטעהט ער אָבער, אַז דאָס רעדט אין איהם דער יֵצֶר־הָרָע. דאָס האַלאַטעל נעהמט ער פֿון זיך אַראָב, גרייט צו וואַרפֿען איז ער, נאַר, לְהַכְעִיס דעם יֵצֶר־הָרָע, מאַכט ער נאָך קלענערע טריט, און דערפֿרעהט זיך, ועהענדיג, אַז ווייט ער מאַכט קלענערע טריט, רוקט זיך דאָס פֿלעמעל אויך פּאַמעליכער. געהט ער אַזוי פּאַמעליך דעם פֿלעמעל נאָך און געהט, קומט ער פּאַמעליך אַרויס פֿון שטעדטעל. דער וועג שלענגעלט און דרעהט זיך איבער פֿעלדער און לאָנקעס, און דער מַהֲלָךְ צווישען איהם און דעם פֿלעמעל ווערט אַלץ נישט לענגער, נישט קירצער, און אַז ער זאָל וואַרפֿען דאָס האַלאַטעל, וואָלט ער צום פֿלעמעל נישט דערגרייכט. דערוויילע צוזורעהן זיך איהם אין קאָפּ די געדאַנקען: ווען ער זאָל האַבּען דעם אוֹצָר, וואָלט ער אויף דער עלטערי קיין האָלץ־העקער נישט געוועזען; ער האָט שוין נישט דעם כֹּחַ צו דער אַרבייט, וואָס אַמאָל. דעם ווייב וואָלט ער געקויפֿט אַ שטאָדט אין דער ווייבערשער שׁוּהל, זי זאָל נישט האָבּען קיין פֿערשטערטע שַׁבָּתים און יָמִים טוֹבִים דערפֿון, וואָס מען לאָזט זי אין ערגעץ נישט זיצען; ראֹשׁ־הַשָּׁנָה און יוֹם־כִּפּוּר פֿאַלט זי נעביך נאָר פֿון די פּיס — די קינדער

האָבען איהרי די כּחות צוגענומען! און ער וואָלט איהר אַ נײַ קלייד געמאַכט, אַ פּאָר שנירלעך פּערל געקויפט ... די קינדער וואָלט ער אין בעסערע חדרים אָבגעגעבען, פאַר דעם עלטסטען מיי־דעל וואָלט ער זיך שוין אומגעקוקט וועגען אַ שדוך ... אַזוי, נע־ביך, טראָגט זי דער מוטער נאָך די קײַשלעך מיט אויבס, און האָט קיינמאָל קיין צײַט נישט אַפילו זיך רעכט צו פערקעמען.

— עס וואָלט אַ מצוה געווען צו האַפּען דעם אוצר ...

— ווײַטער דער יצר־הרע! — טראַכט ער — אַז עס איז נישט בעשערט, איז נישט! אינדערוואָכען וואָלט ער שוין גע־וואוסט, וואָס ער האָט צו טהון ... וואָלט דאָ זײַן יענקיל געווען, וואָלט ער שוין נישט געשוויגען ... הײַנטיגע קינדער — ווער ווייסט, וואָס זיי טהוען אַלע שבת ... דער יונגערער איז אויך נישט בעסער. אויס'ן מלמד מאַכט ער חוזק ... און ווער האָט צײַט אויף זיי אַכטונג צו געבען? — אַ גאַנצען טאָג האַק און זעג ...

## II.

ער זיפצט אָב און גערהט אַלץ ווײַטער און ווײַטער, און וואַרפט פון צײַט צו צײַט אײַן אויג אין הימעל אַרײַן: „רבונו של עולם, וועמען ווילסט דו דאָ אויספרובען? שמעריל האָלץ־הע־קער? ווילסט געבען, גיב!" דאַכט זיך איהם, אַז דער אוצר הייבט זיך אָן צו רוקען אַ ביסעל פאַמעליכער, נאָר אין דער רגע דערהערט ער, אַ הונד בילט, דערקענט ער דאָס בילען: דאָס איז פון „וויסאָקע" — דאָס ערשטע דאָרף אונטער דער שטאָדט. און ער דערזעהט שוין, ווי עס וויעגט זיך אין דער פרי־שער פאַרטאָג־לופט ווײַסע פלעקען, דאָס זענען די וויסאָקער פויערשע הײַזלעך. און באַלד דערמאָנט ער זיך, אַז עס מוז שוין זײַן אַ תחום־שבת, שטעלט ער זיך אָב.

— יאָ, עס איז אַ תְּהוּם־שַׁבָּת, — טראַכט ער, און זאָגט, ווי אין דער וועלט אַריין: — וועסט מיך נישט אַראָבפֿירען פון וועג! עס איז נישט קיין גאָט־זאַך, גאָט מאַכט נישט קיין חוזק פון מענשען — מַעֲשֶׂה קֵץ איז עס! און ער ווערט אַ ביז־סעל בייזליך אויפ'ן בַּעַל־דָּבָר, און דרעהט זיך צוריק אויס צום שטעדטעל, און געהט האַסטיג צוריק. טראַכטען טראַכט ער: אין דערהיים אויסזאָגען וועל איך נישט; ערשטענס, וועט מען מיר נישט גלויבען... און אַז יאָ, וועט מען לאַכען פון מיר! און צו וואָס זאָל איך מיך רִיהמען?... דער בּוֹרֵא־עוֹלָם ווייסט — איז גענוג. און די וואָלט זיך נאָך אֶפְשָׁר געבייזערט, די קינדער אַוַדַאי — נאַקעט און באָרוועס, נעבּיך! צו וואָס זאָלען זיי עוֹבֵר זיין אויף „כִּבּוּד אָב“...

ניין, ער וועט עס פאַר'ן מויל נישט ברענגען... ער וועט אֲפִילוּ דעם רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם דערינען קיינמאָל נישט דער־מאָנען. האָט ער דערמיט עפּעס גוטס געטהון, וועט ער אַליין געדענקען.

און פּלוצלונג דערפיהלט ער אין זיך עפּעס אַ מאָדנע, לייטערע רוהיגקייט, אין אַלע אֵבָרִים צעגיסט זיך איהם אַ שטילער נַחַת. „געלד איז פּאָרט נישט מעהר ווי קיי און שפּיי! עֲשִׁירוּת קאָן נאָך אַראָבפֿירען פון רעכטען וועג“. און עס ווילט זיך איהם דאַנקען גאָט דערפאַר, וואָס ער האָט איהם נישט געבּראַכט צו קיין נִסָּיוֹן. עס ווילט זיך איהם האָטש אַ ליעד זינגען, „אָבִינוּ מֶלֶךְ“ דערמאָנט ער זיך פון די יונגע יאָה־רען, נאָר ער פערשעמט זיך פאַר זיך אַליין און האַקט אָב. פּלוצלונג דערזעהט ער, אַז דאָס אייגענע פלעמעל, וואָס ער האָט געלאָזט הינטער זיך, איז איהם צוריק אַרויסגעקומען פון פאָרענט, און עס רוקט זיך פאַר איהם גאַנץ פּאַמעליך צום

שטעדטעל, צום שטעדטעל... און דער מַהֲלָךְ צווישען איהם און דעם פלעמעל ווערט ווייטער נישט לענגער, נישט קירצער, גלייך דאס פלעמעל שפאצירט. און ער שפאצירט — אזוי א ביסעל, לְכָבוד שַבָּת. פרעהט ער זיך שטיל און קוקט נאך. דער הימעל ווערט בלאסער, שטערנדלעך הייבען זיך אן לעשען, דער מִזְרָח רויטעלט זיך א ביסעל, עס צעגיסט זיך ווי א שמאל רויטליך טייכעל אין דער לענג — און דאס פלעמעל רוקט זיך אלץ אין שטעדטעל אריין, געהט אין זיין גאס אריין, אט איז זיין שטוב, די טהיר פון זיין שטוב, זעהט ער, שטעהט אפען, ער האט זי, אַפָּנִים, פערגעסען צו פערמאכען... און אט: דאס פלעמעל געהט אריין, צו איהם אין שטוב אריין געהט עס! געהט ער נאך, זעהט ער, ווי עס לאזט זיך, דאס פלעמעל, אונטער'ן בעט ארונטער. אלע ארום שלאפען, — געהט ער שטיל צו, בויגט זיך איין, זעהט ער, דאס פלעמעל דרעהט זיך אונטער'ן בעט, ווי א דריידעל, אויפ'ן ארט, נעהמט ער און ווארפט ארונטער אונטער'ן בעט דאס האלאטעל און דעקט דאס פלעמעל צו, — קיינער הערט נישט, און דא גַנְבְ'עט זיך שוין אין שטוב אריין א גאלדענער מארגען-שטראהל דורך דעם שפאלט פון לאדען.

זעצט ער זיך אויפ'ן בעט און טהוט א נֶדֶר, אז איבער שַבָּת וועט ער קיינעם קיין ווארט נישט זאגען. קיין האלב ווארט נישט — עס וועט קומען, חָלִילָה, צו חִלּוּל שַבָּת... זי וועט זיך נישט איינהאלטען, זיי, די בָּנִים, אַוַדַאי נישט, זיי וועלען באלד וועלען איבערצעהלען, באלד וויסען וויפיעל! און באלד וועט דער סוד פון שטוב ארויס, און אין שוהל, אין בית-המִדְרָש און אין אלע גאסען וועט ווערען א גערעדעריי וועגען זיין עֲשִירות... וועגען מַזָל... און קיינער וועט נישט

דאַווענען, נישט וואַשען זיך, נישט בענשען, ווי עס דאַרף צו זיין — און ער וועט נאָך פערזינדיגען זיין הויזגעזינד און אַ האַלבע שטאָדט. ניין — קיין פּיפּיץ נישט... און ער ציהט זיך אויס אויף דעם בעט און מאַכט זיך שלאָפען...

און אין דעם זכות, אַז ער האָט נאָך הבדלה זיך אַראָבגעבויגען אונטער'ן בעט און אויפגעהויבען דאָס האַלמעל, איז אונטען טאַקי געלעגען אַ זאַק מיט אלף אַלפי אלפים דינרין, כמעט אָהן אַ שיעור, — אַ גרויס בעט געווען! — און איז טאַקע געוואָרען אַ גביר שבגבירים.

און ער האָט שוין אָבגעלעבט אין נחת די יאָהרען.

נאָר דאָס ווייב פּלעגט איהם אַלעמאָל אין נחת פאָרוואַרפען: רבונו של עולם, ווי האָט עס אַ מענש אַ האַרץ ווי אַ שטיין, אַ גאַנצען זומער-טאָג אַ וואָרט נישט צו זאָגען, פאַר'ן איינענעם ווייב קיין איינציג וואָרט... און איך האָב — דערמאָנט זי זיך — דערמאַלט ביי „גאָט פון אברהם" זיך אַזוי אָנגעוויינט, אַזוי אָנגעוויינט... עס איז קיין דריטער אין שטוב נישט געווען...

און ער טרייסט זי מיט אַ שמייכעל:

— ווער ווייסט, אפשר האָט זיך עס טאַקי אין זכות פון דיין „גאָט פון אברהם" אַזוי גוט אויסגעפיהרט.

---

# שבת בין-השמשות.

אַ ליעד פון י. אדלער

עס געהט שוין אַוועק זיך,
דער הייליגער שבת
און שטיבעל ווערט פינסטער,
און שטיבעל איז שטיל;

„אַך גאָט פון אברהם,
פון יצחק פון יעקב,
פערנעהם דאָך מיין תפלה
אין הימעלס-געצעלט —,

סע שעפּצעט די מאַמע:
„אַך גאָט פון אַברהם" —
זי שעפּצעט די תּפלה
מיט האַרץ און געפיהל.

און שיק מיר פּרנסה,
און ריכט אויף מיין מזל,
און ליכטיג זאָל ווערען
מיין פינסטערע וועלט..."

עס דונקעלט דער הימעל;
עס ציהען זיך וואָלקענס,
און שטיבעל איז פינסטער
און אומעטיג, שטיל — —
נור ערגיץ אין ווינקעל,
פערשטופּט אין אַ שפּאַרע,
דאָרט טשירקעט און טשירקעט
פערבאָרגען אַ גריל...

---

# דער קונצען-מאַכער.

א פאָלקס-מעשה פון י. ל. פּרץ.

I.

אין אַ וואָהלינער שטעדטיל אַריין איז אַמאָל געקומען אַ קונצען-מאַכער.

און האָטש עס איז געווען אין מער׳דאַנה׳טער פאַר-פּסח-צייט, ווען אַ יוד האָט מעהר זאָרג, ווי האָר אויפ׳ן קאָפּ, האָט דאָך זיין אָנקומען אַ גרויסען רושם געמאַכט: אַ רעטעניש פון אַ מענש! קרוע-בלוא, מיט אַ צילינדער, אַפילו אַ צע-קנייטשטען, אויפ׳ן קאָפּ, אַ יודיש פּנים — און — אַ געגאָלטע באָרד! און עסען האָט איהם קיינער נישט געזעהן, נישט קיין כשר׳ס, נישט קיין טרפה׳ס. געה וייס, וואָס עס איז! מען פרעגט׳ן: פון וואַנען? זאָגט ער: „פון פּאַריז"; וואוהין? — „קיין לאָנדאָן!" ווי קומט איהר אַהער? זאָגט ער: „פערבלאָנדזעט!" אַפּנים, צו-פוס געגאַנגען! און ווייזט זיך ביי קיין מנין נישט,

אֲפִילוּ שַׁבָּת־הַגָּדוֹל נישט! און שטעדט מען צו איהם צו, מאַכט מען אַרום איהם אַ רעדעל, ווערט ער פּלוצים נֶעֱלָם, גלייך די ערד וואָלט'ן איינגעשלונגען, און שווימט אַרויס אויף יענער זייט מאַרק.

דערווייל האָט ער זיך געדונגען אַ סאַליע און אָנגעהויבען צו מאַכען קונצען.

אָבער קונצען: בִּפְנֵי קָהָל וְעֵדָה האָט ער געשלונגען ברענענדיגע קוילען, ווי פאַרפעל: און פון מויל אַרויסגעצויגען האָט ער אַלערליי סטענגעס, רויטע, גרינע, וואָס פאַר אַ קאָ־ ליער מען האָט נאָר געוואָלט, און לאַנגע — ווי דער גָּלוּת. פון אַ האָלעווע פון שטיוועל וואַרפט ער אַרויס זעכצעהן פאָר אינדי־ קעס, אָבער אינדיקעס — ווי בערען, און לעבעדיגע, און זיי צו־ לויפען זיך איבער דער סצענע; דערנאָך הויבט ער אויף אַ פוס און קראַצט אָב פון דער פּאָדעשווע גאָלדענע רענדלעך, אַ גאַנצע שיסעל גאָלדענע רענדלעך! פּאַטשט מען „בראַוואָ“, גיט ער אַ פייף, לויפען זיך אין דער לופטען צוזאַמען חַלּוֹת מיט קוילּיטשען, ווי די פייגעל, און הויבען אָן טאַנצען אַ ראָד צו אַ בְּרוֹגֶז־טאַנץ אונטער דער סטעליע. און גיט ער דעם צווייטען פייף, ווערט דאָס אַלץ כְּהֶרֶף עַיִן פערשוואונדען, כְּלֹא הָיָה! אויס קוילי־ טשען, אויס סטענגעס, אויס אינדיקעס — גאָרנישט.

מֵילָא, ווייסט מען דאָך, אַז „יענער צַד“ קאָן אויך עפּעס בעוויזען! די חַרְטוּמִים פון מִצְרַיִם האָבען מִן הַסְּתָם גרע־ סערע קונצען בעוויזען! איז אָבער די שְׁאֵלָה: פאַרוואָס איז ער אַליין אַזאַ גרויסער קַבְּצָן? אַ מענש שאַרט רענדלעך פון פּאָדעשווע, און האָט נישט מיט וואָס צו בעצאָהלען פאַר דער אַכְסַנְיָה. מיט אַ פייף באַקט ער אָן מעהר קוילּיטשען און חַלּוֹת, ווי דער גרעסטער בעקער, אינדיקעס ציהט ער אַרויס

פון האַליווע, און אַ פּנים האָט ער — איין אויסגעצויגענס, אַז שענערע לעגט מען אין דער ערד אַריין, און דער הונגער ברענט איהם אין די אויגען ווי אַ פלאַקער! ווערטעלט מען זיך: די פינפטע קשיה צו „מה נשתנה!״...

II.

נאָר איידער עס קומט צו „מה נשתנה״, וועלען מיר איבער־לאָזען דעם קונצען־מאַכער, און איבערגעהן צו חיים־יונה'ן און זיין ווייב רבקה־ביילע. חיים־יונה איז אַמאָל אַ וואַלד־סוחר געווען. האָט ער איינמאָל געקויפט אַ וואַלד אין „גלייכען געלד״, האָט מען דעם וואַלד פערמאַכט, איז ער אַרויס „אין איין העמד״. איז ער געוואָרען „וואַלד־שרייבער״, האָט ער די שטעל פערלוירען; זיצט ער שוין אַ שענע פּאָר חדשים אָהן פּרנסה. אַ ווינטער האָט מען איבערגעלעבט — אויף שונאי־ציון געזאָגט; נאָך ווינטער געהט אָבער פּסח! און פערזעצט איז שוין פון הענגעל־לייכטער ביז'ן לעצטען קישען. זאָגט רבקה־ביילע: געה אַריבער צו קהל און נעהם מעות חטין. זאָגט חיים־יונה אַז ער האָט בטחון, אַז גאָט וועט העלפען, און דאָס פּנים פערשוואַרצען וועט ער זיך נישט. געהט רבקה־ביילע און זוכט נאָכאַמאָל אין אַלע ווינקעלעך, און געפינט אַנ־אַלטען אָבגעריבענעם זילבערנעם לעפעל — ממש אַ נס מן השמים, יאָהרען זייט דער לעפעל איז פערלוירען געוואָרען! געהט חיים־יונה, נעהמט דעם לעפעל, פערקויפט'ן. און טראָגט אַריין די פּאָר גראָשען אויף מעות חטין פאַר אָרימע לייט. אָרימע לייט, זאָגט ער, זענען בילכער. די צייט דער־ווייל רוקט זיך. שוין איננאַנצען נישט מעהר ווי אַ פּאָר וואָכען צו פּסח, — ער האָט בטחון! גאָט, זאָגט ער, פערלאָזט

גִישט! מִי רָא, רִבְקָה־בּײלֶע שװײַגט; אײן אשה מוז פאָרגעָן אַ מאַן. עס גײט אַבער אַװעק נאָך אַ טאָג. נאָך אַ טאָג, רִבְקָה־בּײלֶע װײסט נישט פון קײן שלאָף, גראָבט דאָס פָּנִים אין קישען אַרײַן און װײנט שטילערהײד, חַיִים־יוֹנָה זאָל נישט הערען, און אויף פֶּסַח איז קײן צײַכען נישט דאָ. און טעג האָט זי ערגערע װי נעכט, — בּײַטאָג װײנט זיך אַ מענש האָטש אָב דאָס האַרץ, בּײַטאָג אָבער, מוז מען קנײַפּען די באַקען, די פאַרב זאָל שטעהן! שְׁכֵנוֹת קוקען איהר נאָך און גאַפען, און קוקען זיך די אויגען אויס, און שטעכען זי מיט רַחֲמָנוּת־בּלי־קען, װי מיט נאָדלען... אַנדערע פרעגען: װען באַקט איהר מַצוֹת? װי האַלט איהר מיט בּוֹראַקעס? די נעהנטערע זאָגען:

— סמײַטש, װאָס טהוט זיך מיט אײַך, רִבְקָה־בּײלֶע?!

פעהלט אײַך, װעלען מיר אײַך בּאָרגען, וְכַדוֹמֶה...

חַיִים־יוֹנָה װיל אָבער נישט קײן „מַתְּנַת בָּשָׂר וָדָם“, און רִבְקָה־בּײלֶע װעט קענען איהר מאַן נישט געהן — װוּכט זי זיך אויס תֵּרוּצִים פון אונטער דער ערד, און דאָס פָּנִים פלאַמט און פלאַמט...

װעהען די שְׁכֵנִים, אַז עס איז נישט, װי עס דאַרף צו זײַן, נעהמען זײ און לויפען צום רַב — סמײַטש? דער רַב, נעבּיך, הערט אויס, קרעכצט אָב און פערקלערט זיך, און סוֹף כָּל סוֹף ענטפערט ער, אַז חַיִים־יוֹנָה איז אַ בֶּן־תּוֹרָה און אַ יְרֵא־שָׁמַיִם, און אויב ער האָט בִּטָּחוֹן, האָט ער!...

III.

רִבְקָה־בּײלֶע איז אֲפִילוּ אָהן בּענש־ליכט געבּליבּען...
און — שוין פֶּסַח!
חַיִים־יוֹנָה געהט פון בֵּית־הַמִּדְרָשׁ אַהײם, זעהט ער,

אז אלע פענסטער אין מארק שיינען ארויס מיט שמחת־יום־טוב, און נאר זיין דירה שטעהט, ווי איין אבל צווישען מחותנים, ווי א בלינדע צווישען זעהענדיגע. ער פאלט אבער ביי זיך נישט אב: „אז גאט וועט וועלען, וועט נאך זיין פסח!“ — טראכט ער. ער געהט אריין און זאגט פרעהליך: „גוט יום־טוב“, און איז נאך אמאל מטעים: „גוט יום־טוב דיר, רבקה־ביילע!“ און רבקה־ביילעס קול ענטפערט איהם, אנגעזאפט מיט טרעהרען, פון א פינסטער ווינקעל ארויס: „גוט יום־טוב, גוט יאהר!“ און איהרע אויגען ברענען ארויס פון פינסטערן ווינקעלע, ווי צוויי ברענענדיגע קוילען. געהט ער צו איהר צו און זאגט איהר: „רבקה־ביילע, — זאגט ער, — היינט איז יום־טוב, יציאת מצרים, פערשטעהסט? טרויערן טאר מען נישט! און וואס איז דא צו טרויערן? אויב דער רבונו של עולם האט נישט געוואלט, מיר זאלען האבען אונזער פסח, מוז מען אננעהמען פאר ליעב און זיין ביי'ן א פרעמדען סדר. וועלען מיר געהן ערגעץ־אנדערש צום סדר! מען וועט אונז ארייןלאזען אומעטום... טהיר און טויער שטעהען אפען... יודען זאגען: „כל דכפין ייתי ויכול“, דאס איז טייטש: ווער עס איז הונגעריג, זאל אריינקומען עסען. קום, נעהם אויף דיר די שאל, וועלען מיר געהן צום ערשטען בעסטען יוד“...

און רבקה־ביילע, וואס טהוט שטענדיג דעם רצון פון איהר מאן, האלט־איין מיט אלע כחות דאס געוויין, וואס רייסט זיך איהר צום האלז, נעהמט אויף זיך א צעריסענע שאל און וויל שוין געהן, — אין דערזעלבער רגע עפענט זיך אבער די טהיר, און עמיץ קומט אריין און זאגט:

— גוט יום־טוב!

ענטפערן זיי: גוט יאָהר, נישט וועהענדיג, ווער עס איז צו זיי אַריינגעקומען.

זאָגט דער, וואָס איז אַריינגעקומען: איך וויל זיין אייער גאַסט צום סדר!

ענטפערט חיים-יונה: מיר האָבען אַליין קיין סדר נישט...

ענטפערט יענער, אַז ער האָט מיטגעבראַכט דעם סדר מיט זיך!

— אין דער-פינסטער? — האַלט זיך שוין רבקה-ביילע נישט איין און שלאָגט.

— חלילה! — ענטפערט דער אורח — עס וועט זיין ליכט. און ער גיט אַ מאַך: האָקוס-פּאָקוס! און עס בעוויזען זיך צוויי פּאָר זילבערנע לייכטער מיט אָנגעצונדענע סטעאַרינ-ליכט, און מיטען שטוב, אין דער לופט! עס ווערט ליכטיג. חיים-יונה און רבקה-ביילע דערזעהען, אַז דאָס איז דער קונצען-מאַכער, און זיי גאַפען און קאָנען פאַר וואונדער און שרעק קיין איינציג וואָרט פון מויל נישט אַרויסברענגען. זיי האַבען זיך איינס דאָס צווייטע אָן ביי די הענד און שטעהען מיט אויפגעריסענע אויגען און אָפענע מיילער. דער קונצען-מאַכער ווענדט זיך דערווייל צום טיש, וואָס איז געשטאַנען פערשעמט אין אַ ווינקעלע, און זאָגט צו איהם: „נו, בחור'ל, בעדעק דיך און קום אַהער!" און אַזוי ווי ער זאָגט דאָס אַרויס, פאַלט פון סטעליע אויפ'ן טיש אַראָב אַ שניי-ווייס טישטוך און בעדעקט איהם, און דער בעדעקטער טיש הויבט זיך אָן רידהרען, און געהט און קומט אין מיטען שטוב אַריין, און פערהאַלט זיך פונקט אונטער די ליכט, און די זילבערנע לייכטער לאָזען זיך נידריגער אַראָב און שטעלען זיך אַנידער אויפ'ן טיש. אַצינד — זאָגט דער קונצען-מאַכער — פעהלען נאָר הס=

בעטען!" זאָלען זיין הס'בעטען, געהען דריי בענקלעך, פון דריי עקען פון שטוב, און געהען צו צום טיש און שטעלען זיך אויף זיינע, דריי זייטען. הייסט ער, דער קונצען־מאַכער, זיי זאָלען ברייטער ווערען, ציהען זיי זיך אוים אין דער ברייט, און עס ווערט פון זיי! פאָטער־שטוהלען, רופט ער אוים: „וויי־בער!" — בעדעקען זיי זיך מיט רויטען סאַמעט, און תוך כדי דבור פאַלען אויף זיי פון סטעליע אַראָב ווייסע, שניי־ווייסע קישען, און לעגען זיך אויפ'ן קונצען־מאַכער'ס געבאָט, אויף די פאָטער־שטוהלען און — עס ווערען הס'בעטען! אויף זיין געבאָט בעווייזט זיך אויך אַ קערה מיט מינים און שטעלט זיך אויפ'ן טיש, עס בעווייזען זיך אויך רויטע כוסות מיט פלע־שער ווין, און מצות, און אַלץ, וואָס מען דאַרף צו אַ כשר'ן און פרעהליכען סדר, אפילו „הגדות" מיט אַ גאָלדענעם שניט.

— און וואַסער צו וואַשען האָט איהר? — פרעגט דער קונ־צען־מאַכער — איך קאָן ברענגען וואַסער אויך!

דעמאָלט האָבען זיי זיך ערשט אויפגעהאַפּט פון גאַפען. און רבקה־ביילע פרעגט חיים־יונה'ן אויפ'ן אויער: מעג מען? וואָס? און חיים־יונה ווייסט איהר נישט, וואָס צו ענטפערן. ראָטה זי איהם: געה, מיין מאַן, און פרעג דעם רב. ענטפערט ער, אַז ער קאָן זי אַליין נישט איבערלאָזען, וויל ער, זי זאָל געהן. זאָגט זי, אַז אַ נאַרעשער יודענע וועט דער רב נישט גלויבען, ער וועט מיינען, אַז זי איז פון זינען אַראָב. געהען זיי ביידע צום רב און לאָזען איבער דעם קונצען־מאַכער מיט'ן סדר.

האָט דער רב געזאָגט, אַז דאָס, וואָס ווערט געמאַכט מיט כשוף, האָט קיין ממשות נישט, וואָרום כשוף איז נאָר אַ

פֿערבלענדעניש פֿאַר די אויגען. הייסט ער זיי אַהיים געהן, און אויב די מַצָה וועט זיך לאָזען אָפּבּרעכען, דער ווין — גיסען אין די כּוסות אַריין, און די קשיות פֿון הֶסבּעט — אָנטאַפּען, וּכְדוֹמֶה, איז גוט... איז עס מִן הַשָׁמַיִם, מעגען זיי געניסען.

אַזוי האָט דער רֶבּ געפּסק'ענט. געהען זיי מיט האַרץ-קלאַפּעניש אַהיים. קומען זיי אַריין, איז דער קונצען-מאַכער שוין נישט דאָ, און דער „סֵדֶר“ שטעהט, ווי ער איז געשטאַנען. די קשיות לאָזען זיך אָנריהרען, דער ווין גיסט זיך, די מַצות ברעכען זיך... האָבען זיי ערשט פֿערשטאַנען, אַז דאָס איז געווען אֵלִיָהוּ הַנָבִיא, און האָבען געהאַט אַ פֿרעהליכען יום-טוב!



# אַ וויעג־ליעד.

פון דוד איינהאָרן.

אַליע ליוליע, אַליע ליוליע!
שלאָף, מיין טייערער, און רוה;
וואויל איז דעם, וואָס האָט אַ מאַמע׳ן
און אַ וויעגעלע דערצו.

אַלעס קען מען נאָך געפינען,
אַלעס קריגט מען נאָך פאַר געלט;
נאָר אַ מאַמע, זי איז איינע,
מעהר נישט איינע אויף דער וועלט.

אַליע ליוליע, אַליע ליוליע!
ווי דער צַעַר זאָל זיין נישט גרויס, —
תָּמִיד קען מען איהם פערוויעגען
אין דער מאַמע׳ס שטילען שויס.

אַליע ליוליע, אַליע ליוליע!
ווי די זינד זאָל זיין נישט שווער, —
זי אָבוואַשען וועט דאָך קענען
תָּמִיד שטיל דער מאַמע׳ס טרעהר.

שלאָף, מיין טייערער, מיין ליעבער!
מאַך די אויגען צו און רוה;
גוט איז דעם, וואָס האָט אַ מאַמען, —
אַליע ליוליע, ליולעליו!

# דער בעל־תשובה.

א מעשה פון י. מ. ווייסענבערג.

## I.

אמאל איז געווען א יוד — א געהער. איז ער געגאנגען איבער די דערפער מיט'ן פעקעל סחורה אויף די פלייצעס — נאדלען, בענדלעך, קארעלען און נאך אנדערע קלייניגקייטען, און דערפון האט ער זיך מפרנס געווען מיט זיין ווייב און קינד, קוים בדוחק.

און איינמאל, ווינטער־צייט, געהט דער יוד אין א לייכט חאלאטעל מיט א גארטעלע ארומגעבונדען און מיט'ן פעקעל אויף די פלייצעס. אונ־טערוועגענס מאכט זיך א גרויסער שנעע מיט א ווינד גלייך אין פנים אריין, אז ער קאן קוים דעם אטעם האפען, און מיעד איז ער אויך, קוים וואס ער שלעפט די פיס פון שנעע ארויס. דאנקט ער גאט, אז ער קומט צו צו'ן א וועלדעל און נעהמט און זעצט זיך אנידער אונטער א בוים אפרוהען. זיצט ער אזוי א ביסעל פערשטעלט פאר'ן ווינד, איז ער דאך אבער זעהר מיעד, פאלען איהם די ברעמען צו, און ער דרימעלט איין, און פערגעסט, אז עס איז א גרויסע סכנה איינצושלאפען אויפ'ן פראסט, אז מען קאן, חס ושלום, דערפרוירען ווערען. דרימעלט ער אזוי איין מיט'ן פעקעל אויף די פלייצעס, אנגעשפארט מיט'ן קאפ אן בוים, און האט נאך גוטע חלומות — עס דאכט זיך איהם, אז ער האט אן'אוצר געפונען און צעהלט רענדלעך — און דערווייל פריהרט ער וואס אמאל מעהר, און ער וואלט בודאי אזוי געפרוירען געווארען, צעהלענדיג די רענדלעך אין חלום און אוועקגעגאנגען פון דער וועלט.

איז אָבער אין וואַלד אַריין אָנגעפאָהרען אַ גוֹיָה מיט אַ שייקעצעל איינגעהילט אין פעלצען, האָבען זיי דערזעהן דעם יוד ליעגען, האָבען זיי גרויס רַחֲמָנוּת געקראָגען און גענומען איהם ראַטעווען. האָבען זיי איהם אַזוי לאַנג געריבען מיט שנעע, ביז דער יוד האָט אַנ'אַנדערע מַרְאֶה געקראָגען און האָט שטיל אָבגעזיפצט, האָבען זיי איהם געחאַפּט אויפ'ן שליטען און אויסגעדרעהט צוריק אַהיים אין דאָרף אַריין, גענומען איהם רייבען דאָס לייב מיט'ן קאַלטען וואַסער, ביז ער האָט זיך דערהיצט און רויט געוואָרען און ער האָט אָנגעהויבען ביסלעכווייז צו זיך קומען, הילען זיי איהם ווייטער איין אין אַ פּלאַכטע און לעגען איהם אַרויף אויפ'ן אויווען, ער זאָל זיך איבערשלאָפען.

חאַפּט זיך דער יוד אויף צומאָרגענס בעגינען — דער טאָג האָט נאָר וואָס אַריינגעבלויט דורכ'ן קליינעם פענסטער'ל, אויפ'ן בוידעם האָבען ערשט אָנגעהויבען די העֶנער צו קרעהען — זעהט ער, אַז ער ליעגט אויף אַ פרעמדען אויווען אין אַ שטאַרקער וואַרעמקייט, ווערט ער נִבְהָל וְנִשְׁתּוֹמֵם; קוקט ער אַראָב אין שטוב אַריין, זעהט ער, אַז אין ווינקעל הענגט אַ הייליג בילד און אַ קנייטעל בלישצעט... ווייסט ער נישט, וואָס דאָס בעדייט, טראַכט ער: אַ חָלוֹם. פערלאָזט ער זיך אויף גאָט'ס בעראָט און ליעגט און וואַרט...

האַפּט ער זיך נאָך אַמאָל אויף, דערווייל איז די פויערטע אויפגעשטאַנען און דרעהט זיך אוים, און אַז זי זעהט, אַז ער שלאָפט נישט, שמייכעלט זי צו איהם לייטזעליג אַרויף און זאָגט איהם „דזיען דאָברי". האָט ער אַלץ נאָך מוֹרָא צו ענטפערן, טאָמער איז ער חַס וְשָׁלוֹם ערגעץ פערפיהרט געוואָרען... זעהט זי, אַז ער שרעקט זיך, בערוהיגט זי איהם אויף איהר לָשׁוֹן. פערצעהלט זי איהם אַלץ, וואָס איז מיט איהם געשעהן און ווי ער קומט אַהער. ווערט, נעביך, דעם יוד זעהר ביטער אויפ'ן האַרץ, זעהט זי דאָס און פרעגט איהם, וואָס ער איז אַזוי טרויעריג.

זאָגט ער איהר: ווי זאָל איך נישט זיין אַזוי טרויעריג, אַז איך בין ווייט פון דערהיים און בין אַזוי קראַנק. טרייסט זי איהם און נעהמט און לעגט אָן אַ פייער און קאָכט איהם אָב אין אַ געגלעזטען טאָפּ אַ ביסעל מילך און דערלאַנגט אין אַ ריין גלאָז, וויל ער נישט נעהמען. זאָגט זי איהם, אַז אַ קראַנקער מוז טרינקען. האָט ער געקלערט אַ מינוט און גענומען.

דערנאָך איז נאָך אַמאָל די פויערטע צו איהם צוגעקומען און האָט איהם איבערגעפרעגט, אויב איהם איז נישט צו־היים צו ליעגען אויפ'ן אויווען און זי האָט איהם אַריינגעברענגט אַ בינדעל שטרוי און האָט איהם

אויסגעבעט א געלעגער פאר'ן אויווען. איז ער, דער יוד, אזוי אבגע-לעגען א צייט, און זי האט איהם בעדיענט מיט גרויס געטריישאפט און האט איהם מאכיל ומשקה געווען פון אלעב גוטען, וואס א יוד מעג נאר עסען און טרינקען אין א גוי'ש הויז.

און דערוויל האבען אין דערהיים דאס ווייב און קינד איהם אויס-געקוקט, און אויפ'ן שטעדטעל האט מען שוין געשמועסט, אז ער איז אומגעקומען אין פרייען פעלד פון פראסט אדער פון הונגעריגע וועלף און דער שנעע האט'ן פערשיט. און זיין גוף אדער חאטש די ביינער וועלען ערשט געפונען ווערען פסח-צייט, ווען עס וועט צוגאנגען ווערען דער שנעע. און אזוי איז געגאנגען א טאג נאך א טאג און דער יוד איז שוין געזעסען געזונדערהייד אין דארף ביי דער גויה. ער האט זיך שוין אזוי צוגעוואוינט צו איהר און זי צו איהם, אז ער האט ביסלעכווייז אנגעהויבען צו פערגעסען אן דערהיים, און האט חתונה געהאט מיט איהר.

## .II

און יאהרען זענען אריבער און דער גע'שמד'טער האט שוין גאר פערגעסען, אז ער איז געוועזען א יוד. און איינמאל איז געוועזען א קוה פער-בלאנדזעט געווארען אין וואלד, איז ער זי געגאנגען זוכען. געהט ער אין געהט איבער'ן וואלד, אנגעטהון אין א סאקמאן, מיט א הוטעל פון פיער שפיצען, מיט א בייטש אין האנד און פייפט זיך צו א גוי'ש ליעדעלע, און אזוי איז ער פערקראכען, וואס אמאל טיעפער אין וואלד אריין צווישען געדיכטע בוימער, און די קוה האט ער אלץ נישט געפונען. געהט ער אלץ ווייטער און ווייטער, דערזעהט ער א פאלע פון א קאפאטע קוקט ארויס פון אונטער א קופע מאך... טהוט ער א שאר מיט'ן פוס, דערזעהט ער א מת מצוה, א גע'הרג'עטען יוד, קריגט ער גרויס פחד, נעהמט ער און שארט איהם צוריק צו און געהט געשווינד אוועק. אזוי ווי ער איז אבער אבגעגאנגען עטליכע טריט, דערהערט ער ווי דאס מת רופט איהם נאך: וואו לאזט דו מיך איבער... ביזט דאך פארט א יוד? מיינט ער, אז עס דאכט זיך איהם נאר, לויפט ער ווייטער, יאגט איהם אבער דאס קול נאך און עס ווערט וואס אמאל העכער און וויינענדיגער: לאז מיך נישט איבער... מיין ווייב וועט בלייבען אַ עגונה... און א מת מצוה בין איך. ווערט דער גע'שמד'טער דערציטערט, געהט ער צוריק און זעצט זיך היטען דעם מת, און זיצט איינער אליין אין דעם טיעפען וואלד און קוקט אויף דעם מת פערצאגט און טרויעריגע געדאנקען. צוגיסט זיך

איהם דאָס האַרץ און פאַר אֵימָה און בענקשאַפט דערמאָנט ער זיך דעם נִגוּן פון „שָׁלשׁ עֶשְׂרֵה מִדּוֹת“ און זינגט, ביז עס איז פאַרבייגע־פאָהרען דער סמאָליאַרוש פון דעם וואַלד, ער האָט אַ בְּרִית געמאַכט און געפיהרט צו זיך אַהיים דעם שוֹחֵט פאַר אַ מוֹהֵל, און זיי האָבען דערהערט דאָס טרויעריגע קול, זענען זיי צוגעקומען און דערזעהען וואָס דאָ טהוט זיך. לעגען זיי קודם אַרויף דעם בַּר־מִינָן אויף דער פוהר, און דעם גע'שְׁמַד'טען האָבען זיי שוין נישט דערקענט. פרעגען זיי איהם, פון וואַנען ער האָט געוואוסט, אַז מען טאָר נישט אַוועקגעהן פון אַ מֵת מִצְוָה. האָט ער נישט געענטפערט און אַוועקגעדרעהט זיך מיט טרעהרען אין די אויגען. זענען די יודען צוריקגעפאָהרען אין שטאָדט אַריין מְקַבֵּר צו זיין דעם מֵת, און דער גע'שְׁמַד'טער איז געגאַנגען זיין וועגס אַהיים, און אויפ'ן וועג האָט ער זיך אַראָבגענומען דאָס צֶלֶם'ל פון האַלז און האָט עס אַוועקגעוואָרפען צווישען קאָרן...

און פון דעמאָלט אָן איז איהם בעפאַלען אַ גרויס בענקשאַפט, בִּפְרַט פרייטאָג צו־נאַכטס צו קַבָּלַת שַׁבָּת... ער געהט שוין נישט ווי אַלע מאָל צוזאַמען מיט די שִׁכּוֹר'ע פויערים אין קרעטשמע אַריין, נאָר זעצט זיך פאַר דער טהיר און קוקט זיך אויפ'ן פעלד אַרוים מיט שטילער בענקשאַפט. און טיילמאָל פלעגט ער זיך אַרויס'גַנְבֶ'נען פון דערהיים, דאָס ווייב זאָל נישט וויסען, און לויפען צוויי ווייאָרסט וועג צום סמאָליאַרוש אונטער'ן פענסטער און אַנידערלעגען זיך אויפ'ן גראָז און קוקען פון ווייטען, שטיל און פערצאָגט אין פענסטער אַריין, וואו עס ברענען שַׁבָּת־ליכט, און דער יוד מיט'ן ווייב און די קינדער זיצען אין די שַׁבָּת'דיגע מַלְבּוּשִׁים און מיט לויטערע פְּנִימ'ער אַרום ליכטיגען טיש... און פרעהען זיך און זינגען זְמִירוֹת און לויבען גאָט... און שַׁבָּת פלעגט ער אָבליעגען אַ גאַנצען טאָג איינער אַליין אין גאָרטען אונטער די בּיהנשטאָקען אין האָט זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען... און אַז ער פּ'עגט פאָהרען אין וואַלד אַריין נאָך אַ פוהר האָלץ, האַפט איהם אמאָל אָן אַ האַרץ־וועהטאָג, וואַרפט ער אַוועק די האַק און זעצט זיך אונטער אַ בוים און הויבט אָן תְּהִלִּים צו זאָגען מיט אַ וויינענדיג קול, און זאָגט אַזוי ביז אַ שטיק אין דער נאַכט אַריין. ערשט ווען שטערען זענען שוין געשטאַנען, האָט ער אויפגעלעגט אַ פוהר האָלץ און אַהיים געפאָהרען, קיינער זאָל נישט וויסען.

און איינמאָל, ער האָט שוין געהאַט אַראָבגענומען די תְּבוּאָה פון פעלד און דאָס צווייטע מאָל היי אָבגעשניטען, און די בּיהנשטאָקען אונטערגענומען, האָט ער מיט נאָך אַ פּאָר גוים, שְׁכֵנִים, אָנגעלאָד'ען זיך

פוהרען היי און געפיהרט אין שטאדט אריין צו פערקויפען. ווי זיי זענען אנגעקומען אין מארק אריין, זעהט ער, אז דער מארק און די גאסען ארום זענען לעדיג, מען זעהט נישט קיין לעבעדיגע בריה און די טהירען פון די היזער און געוועלבער זענען פערהאמערט, און ארום איז פוסט, גלייך דאס שטעדטעל איז אויסגעשטארבען. נאר פון דער זייט וואו די שוהל איז, הערט זיך א גרויס גערעש. לאזט ער איבער די פוהרען און לויפט צו דער שוהל. דורך די אפענע טהירען זעהט ער ליכט ברענען, און די יודען אין קיטלען און אין טליתים שאקלען זיך און בעטען צו גאט, און עס דערהערט זיך פלוצלונג פון דער שוהל נאך א העכער גערעש פון טויזענדער, טויזענדער קולות אויף איין מאל, און דער געשמד'טער ווערט דערציטערט ווי א פייגעלע אין א שטורם־ווינד. און די אימה פון יום־כפור פאלט אויף איהם און ער לויפט צוריק און ווארפט זיך אנידער אויף דער ערד אונטער דער פוהר היי און ליעגט אזוי, און עס וויינט אין איהם אזוי יאמערליך, און זיין גאנץ לייב ציטערט. און דאס גערעש און געוויין פון דער שוהל שטארקט זיך און דאס יאמערליכקייט טראגט זיך איבער'ן גאנצען מארק, און ווי עס קומט צו „ונתנה תוקף“, הויבט עס איהם אן צו ווארפען, און א קוואל טרעהרען האט זיך איהם א גאס געטהאן פון די אויגען, און ער האט אנגעהויבען יאמערליך צו וויינען און הארציג צוצוזינגען מיט'ן נגון פון „ונתנה תוקף“... און אזוי איז ער אבגעלעגען א גאנצען טאג איינער אליין אונטער דער פוהר היי מיט'ן פנים אראב, אין סאקמאן מיט דער „קוטשמע“ אויפ'ן קאפ און מיט פערשטויבטע שטיוועל און קלאגט, אז די שטיינער צוגעהען פון וויינען. און פארנאכט צו, די זון האט זיך אנגעהויבען אראבצולאזען נידעריגער און דער טאג הויבט אן צו פערגעהן און אין שוהל האט מען זיך שוין געשטעלט דאוונען נעילה, האט ער זיך נאך הייסער צעוויינט — און פלוצלונג טהוט ער א הארציג געשריי און א שפרונג־אויף און לויפט אריין אין שוהל און טהוט זיך א ווארף אנידער אויף דער שוועל: יודען בני רחמנים, איך וויל תשובה טהון! — האט ער אויסגעשריען, און איידער דער עולם איז צו איהם צוגעלאפען, איז איהם די נשמה אויסגעגאנגען...

# דער אוצר.

א פאָלקס־מעשה פון שלום־עליכם.

אויף יענער זייט באַרג, הינטער׳ן אַלטען בית־המדרש, געפינט זיך איין אוצר.

אַזוי האָט מען געשמועסט ביי אונז אין שטעדטיל.

נאָר קומען צום אוצר איז נישט אַזוי גרינג; אַז אַלע יודען אין שטעדטיל וועלען לעבען בשלום, און וועלען זיך נעמען אַלע איהם זוכען, דעמאָלט וועט מען איהם געפינען.

אַזוי האָט מען געשמועסט ביי אונז אין שטעדטיל.

און אַז אַלע יודען וועלען לעבען צופריעדען, עס וועט נישט זיין קיין קנאה ביי יודען, קיין שנאה, קיין קריגע, קיין לשון הרע, קיין רכילות און מע וועט זיך נעמען אַלע, וועט מען אָבזוכען דעם אוצר, און אַז ניט וועט ער אַריין טיעף — טיעף אין דער ערד אַריין...

אַזוי האָט מען געשמועסט ביי אונז אין שטעדטיל און מע האָט אָנגעהויבען זוכען דעם אוצר, דער דאָ און דער דאָרטען, און מע האָט אָנגעהויבען זיך צו שפאַרען און איבערשפאַרען, צו אַמפּערן זיך און צו ווערטלען זיך, צו זידלען און צו קריגע־גען זיך, וואָס ווייטער אַלץ מעהרער, אַלץ שטאַרקער און אַלץ איבער׳ן אוצר; דער האָט געזאָגט: ער דאַרף זיין דאָ, דער האָט געזאָגט: דאָרטען, און מע האָט נישט אויפגעהערט זיך צו שפאַרען און איבערשפאַרען, צו אַמפּערן זיך און צו ווערטלען זיך, צו זידלען און צו קריגען זיך, וואָס ווייטער אַלץ מעה־רער, אַלץ שטאַרקער און אַלץ איבער׳ן אוצר; — און דער אוצר... האָט געזונקען אַלץ טיעפער און טיעפער אין דער ערד אַריין.



# פאַר משיחן.

ליעד פון דוד פרישמאַן.

I.

בײַ דעם ירדן שטעהט אַ קוניע;
און דער קאָוואַל און דער קוניע
שטעהט בײַ דער מלאכה.
מיט דעם בלאָזאַק בלאָזט ער דאָרט,
פּאָך־פּאָך! פּאָך־פּאָך! — בלאָזט ער דאָרט,
און מיט גליק און ברכה.

רויט אויף דער קאָוואַדלע גליהען
טוט דאָס אײַזען; טוט זיך ציהען,
קאָכען הייס און זידען,
און דער האַמער קלאַפּט דערויף,
הוק־הוק! הוק־הוק! קלאַפּט דערויף,
קלאַפּט און טוט עס שמידען.

קלאַפּ־זשע, קאָוואַל! לאָזען שפּריצען,
לאָזען טויזענד פונקען בליצען,
פליהען ווי מלאכים —:
פון דעם האַמער ציקט אַ בליץ,
פּלים־פּלאַם! פּלים־פּלאַם! צוקט אַ בליץ
און עס דונערט נאָך איהם.

וואָס=זשע, קאָוואַל, שמיעדסט דו דאָרטען
— „כ'שמיעד פון מײַנע בעסטע סאָרטען,
בין זיך דאָ מַטְרִיחַ:
די פּאָדקאָוועס מאַך איך פאַר'ן
הוראַ! הוראַ! מאַך איך פאַר'ן
פערדיל פון מָשִׁיחַ!"

.II

ביי דעם יַרְדֵן שטעהט אַ וועבשטוהל;
און דער וועבער אויף דעם וועב=שטוהל
שטעהט ביי דער מְלָאכָה,
בוימט די קעטע אויף דעם בוים,
וויק=וויק! וויק=וויק! אויף דעם בוים,
בוימט מיט גליק און בְּרָכָה.

פון דעם וועבער=לאָדען פעדעם
שלעפּט ער איצט צונויף, און יעדעם
ציהט ער דורך די קאַמען;
טרעט איצט פלייסיג אויף דער שאַפּט,
טריפּ=טראַפּ! טריפּ=טראַפּ! אויף דער שאַפּט,
שיסט דעם שוס צוזאַמען.

קוים צוזעהען מיט די אויגען
לויפט די שיף; אַ פייל פון בויגען
לויפט דאָס וועבער=שיפעל:
פלינק אַהין און פלינק אַהער,
ציק=צאַק! ציק=צאַק! פלינק אַהער,
און מען זעהט ניט וויפיעל.

וואָס=זשע, וועבער, וועבסט דו דאָרטען
— „כ'וועב פון מײַנע בעסטע סאָרטען,
בין זיך דאָס מַטְרִיחַ,
און דאָס מַלְבּוּשׁ מאַך איך פאַר'ן —
הוראַ! הוראַ! — מאַך איך פאַר'ן
הייליגען מָשִׁיחַ!"

III.

בײַ דעם יַרְדֵן זיצט אַ שטיקער
פֿאַר דער שטיקערײַ; דער שטיקער
מהוט איצט זײַן מְלָאכָה.
אויף דער קאַנוועֶ שטיקט ער איצט,
פּיק-פּיק! פּיק-פּיק! שטיקט ער איצט,
און מיט גליק און בְּרָכָה.

צעהלט די שטיק און צעהלט די אויגען,
אויף דער ראַמקע אויפגעצויגען
זענען זײַדען-שפּיצען;
זײַד און גאָלד און זילבערוואַרג,
צאַ-צאַ! צאַ-צאַ! זילבערוואַרג,
און כּוען זעהט עס בליצען.

קלעפּעל-שטיק און אַפּליקאַציע,
קעטעל-שטיק און מיט פּונקטאַציע,
גאַנץ און אויך געבראָכען, —
אַלעס, אַלעס מאַכט ער דאָרט,
שטיך-שטאָך! שטיך-שטאָך! מאַכט ער דאָרט,
קלײַן און פֿײַן געשטאָכען.

וואָס-זשע, שטיקער, שטיקסטו דאָרטען
—„כ'שטיק פֿון מײַנע בעסטע סאָרטען,
בין זיך דאָ מַטְרִיחַ,
און די פֿאָהן, די מאַך איך פֿאַר'ן —
הוראַ! הוראַ! — מאַך איך פֿאַר'ן
מֶלֶךְ הַמָּשִׁיחַ!"

IV.

אין דעם הימעל זעקס מַלְאָכִים
רוישען פֿלינק; און די מַלְאָכִים
טוען זייער מְלָאכָה.

פאַר גאָט׳ס שטוהל דאָ שטעהען זיי
הוראַ! הוראַ! שטעהען זיי,
בעטען גליק און בְּרָכָה.

אַלעם בעסטע, אַלעם שענסטע,
אַלעם פיינסטע, אַלעם ריינסטע
עדעלסטע און נייע, —
אַלעם דאָס, דאָס נעהמען זיי, —
הוראַ! הוראַ! — נעהמען זיי,
און אויך אַלעם פרייע.

אַלעם מיטלייד מיט דעם קראַנקען,
שוואַכען מענש און אויך אַ בלאַנקען,
שטאַרקען גייסט, אַ פרישען, —
אַלעם דאָס, דאָס נעהמען זיי, —
הוראַ! הוראַ! — נעהמען זיי
און זיי טוען עס מישען.

וואָס, מַלְאָכִים, מאַכט איהר דאָרטען,
— „מאַכען פון די בעסטע סאָרטען,
זענען זיך מַטְרִיחַ;
די נְשָׁמָה מאַכען מיר —
הוראַ! הוראַ! — מאַכען מיר
פאַר דעם העך מָשִׁיחַ!“

דאָך, אַך, וועה אונז, וועה אונז אַלע:
פאַרטיג האָבען שוין, אַך, אַלע
אַנדערע די מְלָאכָה;
מיר אַליין נאָר זעהען ניט,
וועה אונז! וועה אונז! זעהען ניט
נאָך קיין סִימָן בְּרָכָה!

ניט גענוג איז מִן הַסְתָּמָא
פאַר אַזעלכענע נְשָׁמָה
אַלע אונזערע שטאָפען;

האָבען אֶפְשַׁר אַלץ מיט זיי,
ווערה אונז! ווערה אונז! אַלץ מיט זיי.
נאָך נישט גוט געטראָפען.

נישט געגנוג איז נאָך דאָס ריינע,
נישט געגנוג מְסֻתָּם דאָס שענע,
נישט דער שטאָף דער עכטער;
אֶפְשָׁר איז גאָר אויך דער קרעכץ,
ווערה אונז! ווערה אונז! אויך דער קרעכץ
גאָר נאָך נישט דער רעכטער!"

און עס ווייגען די מַלְאָכִים;
און אַ קרעכץ, אַ צווייטען נאָך איהם
הער, אַ ביטערליכען —
פּאַרטיג, ביז היינט איז נישט די,
ווערה אונז! ווערה אונז! איז נישט די
נְשָׁמָה פון מָשִׁיחַ'ן!



# פון דֶער אַגָדָה.

בעאַרבײַט דורך י. ח. ראַווניצקי און ח. נ. ביאַליק.

---

## אָדָם הָראשון.

גאָט האָט אויף דער וועלט נאָר אײן מענשען בעשאַפען.
כּדי אײנער אַקעגען צווײטען זאָל זיך דערנאָך נישט קענען
איבערנעהמען און זאָגען: „מײַן יחוס איז גרעסער פון דײַנעם!
מײַן עלטער־זײדע איז אַ שענערער!"
אַלע מענשען זענען גלײַך, פון אײן טאַטען קומען זײ אַרויס.

* *
*

בעשאַפען האָט גאָט פריהער די וועלט און אַלע בּרואים,
און דעם מענשען האָט ער ערב־שבּת, שוין נאָך אַלעמען,
בעשאַפען, כּדי אויב ער וועט זיך וועלען איבערנעהמען, זאָל
מען איהם קענען זאָגען: אַ פליגעל, אַפילו אַ קלײן ווערעמיל,
איז אויך פריהער פאַר דיר בעשאַפען געוואָרען.

## די שעֶנֶע וועֶלט.

בעֶשאַפֶען אָדָם הָראשון, האָט איהם גאָט בָרוּך=הוּא אַנגעֶנומעֶן און איבעֶר אַלֶע בּײמעֶר פון גַן=עֵדֶן אַרומגעֶפיהרט און דעֶרבּײַ אַזוי געֶזאָגט: זעה די ווערק מײַנֶע, בעֶטראַכט ווי שעֶן זײַ זעֶנעֶן, ווי פראַכטפאָל זײַ זעֶנעֶן! — און דאָס אַלעֶס איז פון דײַנטוועֶגעֶן. זעה=זשעֶ, זאָלסט ניט פעֶרזינדיגעֶן; בּרײַנג נישט אום מיט דײַן שלעֶכטעֶר אויפפיהרונג מײַן וועֶלט! ווערסטו אין איהר עֶפּעֶס פערדאַרבּעֶן, בּלײַבּט נישט ווער עֶס זאָל פעֶרריכטעֶן.

גאָט בָרוּך=הוּא האָט וועֶלטעֶן בעֶשאַפֶען און אומגעֶבראַכט, בעֶשאַפֶען און אומגעֶבּראַכט, בּיז עֶר האָט זיך אויף דעֶר וועֶלט אָבּגעֶשטעֶלט: אָט די געֶפעֶלט מיר!

בעֶטראַכט די נײַעֶ שעֶנֶע וועֶלט זײַנֶע, האָט גאָט געֶזאָגט: וועֶלט מײַנֶע, וועֶלט מײַנֶע! הַלְוַאי זאָלסטו תָּמִיד אין אַלֶע צײַטעֶן האָבּעֶן אין מײַנֶע אויגעֶן דעֶם איצטיגעֶן חֵן!

## די זון און די לְבָנָה.

די זון מיט דעֶר לְבָנָה זעֶנעֶן תְּחִלַּת איין גרויס בעֶשאַפֶען געֶוואָרעֶן, און בּײדעֶ האָבּעֶן געֶלויכטעֶן גלײַך. האָט די לְבָנָה געֶנומעֶן טַעֲנֶה'ן פאַר גאָט: רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, פאַסטדעֶן איין קרוין פאַר צווײַ קעֶניגין?

— געֶה=זשעֶ דו און ווער קלעֶנעֶר — האָט איהר גאָט געֶענטפעֶרט.

— האַר פון דעֶר וועֶלט — טַעֲנֶה'ט זי ווײַטעֶר — צי דעֶרפאַר, וואָס איך האָבּ דיר געֶזאָגט אַ גלײַכעֶ זאַך, קומט מיר קלעֶנעֶר ווערעֶן?

— האָסטו די שטעֶרעֶן דיר פאַר אַ צוגאָבּ.

# אַלֶע בֶּעשֶׁעפֶּענִישֶׁען זֶענֶען נוּצְלִיךְ.

פוּן אַלֶע גאָט'ס בֶּעשֶׁעפֶּענִישֶׁען אִיז קֵיין אֵיינֶם אוּננוּצלִי־כֶעם נִישׁטאָ.

אֲפִילוּ דִי זאַכֶען, וואָס דִיר דאַכט זִיךְ, אַז זֵיי זֶענֶען אוֹיף דֶער וועלט גאָר אִיבּרִיג, ווִי אַ שטֵיינֶער פְלִיגֶעלִיךְ, פְלִיי אוּן מִיקֶען — האָבֶּען אוֹיךְ זֵייעֶר אָרט צווִישֶׁען דִי בְּרוּאִים אוֹיף דֶער וועלט. דוּרךְ אַלֶעמֶען פִירט גאָט אוֹיס זַיין שְׁלִיחוּת, אֲפִילוּ דוּרךְ אַ שלאַנג, דוּרךְ אַ פראָש, דוּרךְ אַ פְלִיגֶעלֶע.

מ'האָט גֶעפרֶעגט אַמאָל דֶעם תַּנָּא רַבִּי נְהוֹרָאִי: צוּ־לִיעב וואָס האָט גאָט אוֹיף דֶער וועלט בֶּעשאַפֶען שְׁקָצִים וּרְמָשִׂים?

— מֶע דאַרף זֵיי — האָט עֶר גֶעעֶנטפֶערט — ווֶען דֶער מֶענש פֶערזִינדִיגט זִיךְ פַאר גאָט אוּן ס'קוּמט אִיהם אוּמגֶעבּראַכט צוּ ווערֶען, גִיט גאָט בָּרוּךְ הוּא אַ קוּק אוֹיף דִי שְׁקָצִים וּרְמָשִׂים אוּן טראַכט זִיךְ: מִיט וואָס אִיז דֶער מֶענש עֶרגֶער פוּן אַט דִי בְּרוּאִים? אוֹיבּ זֵיי, וואָס נוּצֶען צוּ גאָרנִישט, לאָז אִיךְ לֶעבֶּען, בִּפְרַט דֶעם מֶענשֶׁען, וואָס קֶען נאָךְ בּרֵיינגֶען דֶער וועלט אַזוֹי פִיעל נוּצֶען.

# חַוָּה.

נִישׁט פוּן אָדָם'ס קאָפּ אַרוֹיס האָט גאָט חַוָּה'ן בֶּעשאַ־פֶען — זִי זאָל נִישׁט פֶערהַייסֶען דֶעם קאָפּ, נִישׁט פוּנ'ם אוֹיג — זִי זאָל נִישׁט זַיין קֵיין נאָכקוּקֶערִין, נִיט פוּנ'ם אוֹיעֶר — זִי זאָל נִישׁט זַיין קֵיין אוּנטֶערהֶערֶערִין, נִיט פוּנ'ם מוֹיל — זִי זאָל נִישׁט זַיין קֵיין פלאַפלֶערִין, — נִיט פוּן דֶער האַנד — זִי זאָל נִישׁט זַיין קֵיין האַפֶּערִין, נִיט פוּנ'ם פוּס — זִי זאָל נִישׁט זַיין קֵיין אַרוּמלוֹי־

פֿערין; נאָר פֿון דער ריף, פֿון אַזאַ אֵבֶר, וואָס איז בעהאַלטען אינ׳ם מענשען, כְּדֵי זי זאָל זיין גוט און פֿרום און בעשיידען.

און דאָך געפֿינט זיך ביי איהר פֿון דעם אַלעמען.

* *
*

— אייער גאָט איז אַ גַנָב — האָט אַ רוימישער קֵיסָר געזאָגט דעם תַּנָא רַבָּן גַמְלִיאֵל — ער האָט אָנגעוואָרפֿען אַ שלאָף אויפֿ׳ן מענשען און אַוועקגענומען ביי איהם אַ ריפּ!

— לאָז, איך וועל איהם געבען אַ ענטפֿער — האָט געזאָגט די טאָכטער, און ווענדענדיג זיך צום קֵיסָר, האָט זי צוגעגעבען: שיק רופֿען אַ ריכטער.

— צו וואָס? — פֿרעגט דער קֵיסָר.

— רויבער זענען אויף אונז ביינאַכט בעפֿאַלען, צוגענומען אַ זילבערנעם קרוג און איבערגעלאָזט אַ גאָלדענעם.

— אַזעלכע גַנָבִים — זאָגט דער קֵיסָר — הַלְוַאי אַלע נאַכט!

— נו, און פֿאַר אָדָם־הָרִאשׁוֹן איז דען נישט בעסער: צוגענומען האָט מען ביי איהם אַ ריפּ און געגעבען דערפֿאַר אַ פֿרוי.

## דער ערשטער זון־אונטערגאַנג.

ווען אָדָם האָט דערזעהן דאָס ערשטע מאָל ווי די זון געהט־אונטער, איז אויף איהם אַ שרעק אָנגעפֿאַלען.

— וועה איז מיר — האָט ער געזאָגט — ס׳ווערט פֿינסטער, די וועלט געהט־אונטער. אָט דאָס קומט אויף מיר דער טויט, וואָס איז אויף מיר בעשטימט פֿאַר מיין חֵטְא.

אַז ס׳האָט ווידער אָנגעהויבען שיינען אויף טאָג, האָט ער זיך בערוהיגט און געזאָגט: אַזוי, ווייזט אויס, פֿיהרט זיך די

וועלט, טאָג מיט נאַכט בייטען זיך.

און ער איז אויפגעשטאַנען, גענומען אַ אָקס און געבראַכט אַ קָרְבָּן.

## די קורצע טעג.

ווען אָדָם הָרִאשׁוֹן האָט בעמערקט, אַז די טעג ווערען וואָס ווייטער אַלץ קירצער, איז אויף איהם ווידער, ווי ביי דעם ערשטען זון-אונטערגאַנג, אַ טויט-שרעק בעפאַלען. „וועה איז מיר — האָט ער אויסגעשריען — עס רוקט זיך אָן אויף דער וועלט אַ פינסטערניש, די וועלט האַלט אין אונטערגעהן! אָט דאָס איז ער, דער טויט, וואָס איז אויף מיר בעשטימט געוואָרען פאַר מיין חֵטְא!" אַכט טאָג דורכאַנאַנד האָט ער פערבראַכט אין פאַסטען און גאָט בעטען.

נאָך תְּקוּפַת-טֵבֵת האָט ער אָבער ווידער בעמערקט ווי די טעג ווערען צוריק וואָס ווייטער אַלץ לענגער. „עס זעהט אויס — האָט ער געזאָגט בערוהיגט — אַז די וועלט פיהרט זיך אַזוי, לאַנגע טעג מיט קורצע בייטען זיך".

פאַר פרייד האָט ער געמאַכט אַכט טאָג יוֹם-טוֹב.

## שִׁכְּרוּת.

אַז נֹחַ איז אַרויס פון תֵּיבָה און גענומען פלאַנצען אַ וויינגאָרטען, קומט דער שָׂטָן און פרעגט:

— וואָס פלאַנצסטו דאָ?

— אַ וויינגאָרטען.

— און וואָס איז מיט איהם דאָס מעהר?

— זיין פרוכט איז זיס און זיין זאַפט דערפרעהט דאָס האַרץ.

— ווילסטו מיט מיר מאַכען שותּפות, וועל איך דיר העלפען פלאַנצען.

— רעכט!

נעהמט דער שׂטן און שעכט אַ לעמעלע און בעגיסט דעם ווײַנשטאָק מיט'ן בלוט, נאָכדעם שעכט ער אַ לייב, דערנאָך — אַ מאַלפּע, און צו לעצט — אַ חזיר און בעשפּריצט דעם ווײַנשטאָק מיט'ן בלוט.

געמיינט האָט ער מיט דעם אָנצעווײַזען, אַז אַ מענש טרינקט אויס דאָס ערשטע גלאָז ווײַן, איז ער שטיל און גוט ווי אַ לעמעלע, נאָכ'ן צווייטען כּוס ווערט ער שטאָלץ און שטאַרק ווי אַ לייב, און נעהמט זיך איבער מיט זײַן גבֿורה. נאָכ'ן דריטען כּוס הויבט ער אָן צו שפּרינגען און זיך נאַרישׁ מאַכען ווי אַ מאַלפּע. שפּעטער — וואַלגערט ער זיך שוין אין מיסט ווי אַ חזיר.

# אַבֿרהם'ס געבורט.

אַז אַבֿרהם אָבֿינו איז געבוירען געוואָרען, האָבען די שטערענזעהער דערזעהן, ווי אַ ליכטיגער שטערען געהט־אויף אין מזרח־זייט און שלינגט איין אַלע שטערען. זענען זיי געקומען צו נמרוד'ן און איהם געזאָגט: היינט איז בײַם אַלטען תּרח'ן געבוירען אַ זוהן, וואָס וועט אַלע אונזערע געטער צובּרעכען און אַלע אונזערע לענדער אײַננעהמען.

אויף מאָרגען שיקט נמרוד צו תּרח'ן: „נעכטען בײַנאַכט איז בײַ דיר אַ זוהן געבוירען געוואָרען. גיב איהם מיר אַרויס, איך וועל איהם טויטען, דערפאַר וועל איך דיר אַ פולע שטוב מיט גאָלד און זילבער אָנשיטען.

ענטפערט תּרח די שלוחים אַזוי:

— נעכטען האָט איינער צו מײַן פערד געזאָגט: לאָז זיך דעם קאָפּ אָבשנײַדען, בעקומסטו דערפאַר צעהן פעסליך גערשטען. — „אַ אײַנפאַל אַ בּיסעל! — האָט איהם דאָס פערד אויף דעם געענטפערט — אָהן אַ קאָפּ, נאָר איינער, צו וואָס טויג מיר אײַנגאַנצען די גערשטען?“ — אָהן אַ יורש, צו וואָס טויג דעם אַלטען תּרח'ן דאָס גאַנצע גאָלד און זילבער!

נעהמט תֶּרַח און בעהאַלט דאָס קינד אין אַ הײל. באַלד האָבען צװײ קװאַלען זיך אין הײל געעפֿענט, אײנער מיט האָניג, דער אַנדערער מיט בוימעל, אויף צו נעהרען אַבְרָהָם'ן.

אַז אַבְרָהָם איז אַלט געװאָרען דרײַ יאָהר, איז ער אַרויס פֿון הײל.

װי ער האָט צום ערשטען מאָל דערזעהן די זון, האָט ער געטראַכט בײַ זיך: אַפָּנִים, דאָס איז דער גאָט, װאָס האָט בעשאַפֿען הימעל און ערד און מיך. האָט ער אַ גאַנצען טאָג תְּפִלָּה געטהון צו דער זון. אין אָװענד זעהט ער, װי די זון געהט־אונטער, זאָגט ער צו זיך: דאָס איז ניט קײן גאָט. בײַנאַכט זעהט ער די לְבָנָה מיט די שטערען און טראַכט: אֶפְשַׁר איז די לְבָנָה דער איבער־האַר פֿון גאָר דער װעלט און די שטערען זענען איהרע דינער. האָט ער אַ גאַנצע נאַכט געבעטען צו דער לְבָנָה.

אויף מאָרגען זעהט ער, װי די לְבָנָה מיט די שטערען זענען אויך פֿערגאַנגען. — הויבט ער אויף די הענד צום הימעל און זאָגט:

— נײן! נישט די זענען בעשעפֿער פֿון דער װעלט. אײן גאָט איז דאָ אין הימעל, אַ איבער־האַר איבער זײ אַלע. איהם װעל איך בעטען און פֿאַר איהם װעל איך זיך בוקען.

## תֶּרַח'ס גֶעטֶער.

דער אַלטער תֶּרַח פֿלעגט מאַכען געטער און פֿערקױפֿען זײ אין מאַרק. יעדען טאָג פֿלעגט ער אַרױסשיקען אַנ'אַנדער קינד אין מאַרק און מיטגעבען איהם אַ פֿולען קאָרב מיט געטער, גרעסערע און קלענערע, טײַערע און ביליגע.

אײנמאָל איז אויסגעקומען צו געהן אין מאַרק מיט'ן קאָרב געטער אַבְרָהָם'ן, — נעהמט ער זײ אַרױס פֿון קאָרב און צולעגט זײ אויפ'ן געשטעל, די גרעסערע — פֿון אויבען, די מיטעלע — אין מיטען, און גאָר די קלײנע — פֿון אונטען. קומט צו איהם אײנער אַ מענש אַ בעיאַהרטער, אָבער נאָך אַ גִבּר, און זאָגט:

— גיב מיר נור, אַבְרָהָם'ל, אַ רעכטען גאָט, אַזױ גרױס און שטאַרק װי איך אַלײן.

װײַזט איהם אַבְרָהָם דעם גרעסטען, גאָר פֿון אויבען־אָן, און זאָגט:

— דער, װאָס איז העכער פֿון אַלע, איז שטאַרקער פֿון אַלע, נאָר מײַנע געטער האָבען אַזאַ נאַטור: אײדער מען בעצאָהלט דאָס געלד — ריהרען זײ זיך ניט פֿון אָרט.

בעצאָהלט ער איהם דאָס געלד, נעהמט דעם גאָט און װיל שױן

אוועקגעהן. פרעגט איהם אַבְרָהָם: וויפיעל ביזטו אַלט? ענטפערט ער: זיבעציג יאָהר.

זאָגט אַבְרָהָם: אַז אַך און וועה צו דיין נאַרישען שֵׂכֶל! אַליין ביזטו אַלט זיבעציג יאָהר — און ווילסט זיך בוקען צו אַ גאָט, וואָס איז ערשט פון אונטער דער האַק אַרויס!

נעהמט דער אַלטער און שליידערט איהם אַריין דעם גאָט אין קאָרב און פאָדערט צוריק זיין געלד. גיט איהם אַבְרָהָם צוריק דאָס געלד, און לאָזט איהם אָב.

קומט אַן'אַלטע פרוי און זאָגט: גיב מיר נור, אַבְרָהָם, עפּעס אַ וואָלוועל געטעל, אַזוי קליין און געמיין, ווי איך אַליין. ווייזט ער איהר דאָס קלענסטע, גאָר אונטען, און זאָגט:

— דאָס איז אַקוראַט אָנגעמאָסטען פאַר דיר: אַ קליינס, אַ נידעריגס און ליעגט אונטער אַלע.

אַז זי האָט איהם בעצאָלט די עטליכע גראָשען, פרעגט ער זי: ווי אַלט ביזטו?

ענטפערט זי: אַ, זעהר אַלט, איך געדענק שוין אַליין ניט וויפיעל.

זאָגט ער צו איהר:

— אַ חֶרְפָּה און אַ בּוּשָׁה! אַזאַ זְקֵנָה, ווי דו, זאָל זיך בוקען פאַר אַ געטעל פון נעכטיגען טאָג.

ווי די פרוי האָט דאָס דערהערט, נעהמט זי אָב צוריק איהר געלד און געהט אוועק אָהן אַ גאָט. אַזוי האָט אַבְרָהָם געטהון מיט אַלע קונים.

און אָווענד קומט ער אַהיים און ברענגט צוריק דעם גאַנצען קאָרב מיט אַלע געטער.

זאָגען די ברידער צו תֶּרַח'ן: דער אַבְרָהָם טויג לְחָלוּטִין ניט צום האַנדעל, מען דאַרף איהם גאָר מאַכען פאַר אַ גַלָח.

פרעגט אַבְרָהָם: וואָס האָט אַ גַלָח צו טהון?

ענטפערט איהם תֶּרַח: אַ גַלָח דאַרף דערלאַנגען די געטער עסען און טרינקען און זיי בעדיענען.

איז אַבְרָהָם געוואָרען אַ גַלָח.

קומט אַ פרוי און ברענגט אַ שיסעל זעמעל־מעהל, אַ קָרְבָּן פאַר די געטער, נעהמט ער צו דעם קָרְבָּן און שטעלט אוועק אין מיטען קאָמער. דערנאָך נעהמט ער אַ גרויסען שטעקען און צוברעכט מיט איהם אַלע געטער, לאָזט נאָר איבער איינעם, דעם גרעסטען, און שטעלט איהם אַריין דעם שטעקען אין האַנד.

ווי דער אַלטער תּרח איז געקומען און דערזעהן דעם חורבן, צשוריט ער זיך אויף אַבֿרהם'ן און פרעגט מיט צאָרען:

— וואָס איז דאָ געשעהן? ווער האָט עס צובראָכען אַלע מיינע געטער?!

ענטפערט איהם אַבֿרהם קאַלט=בלוטיג:

— טאַטע, איך וועל דיר ניט לייקענען! אַ פרוי האָט געבראַכט אַ שיסעל זעמעל=מעהל און איך האָב זיך געפוילט צוטראָגען יעדען גאָט באַזונדער, שטעל איך דעם קרבן אין מיטען צימער און זאָג צו די געטער: נעהמט אייך און עסט און זאָל אייך וואויל בעקומען. האָבען זיי זיך אָנגעהויבען צו קריגען, דער זאָגט: איך וועל עסען פריהער, און דער זאָגט: איך וועל פריהער. איז אָט דער גרויסער אַריין אין רציחה און געחאַפּט אַ שטעקען און זיי אַלעמען צובראָכען.

צובייזערט זיך תּרח נאָך שטאַרקער:

— וואָס לייגסטו, שייגעץ איינער! פון וועמען מאַכסטו דאָס געשפעט? האָבען זיי דען דאָס בכּוח?

— וואָס, ניין? — ענטפערט אַבֿרהם — טאַ הער=זשע, טאַטע, אַליין וואָס דו רעדסט, ווי באַלד זיי קאָנען גאָרניט טהון, היינט וואָס פאַר אַ געטער זענען זיי?

# אין'ם זכות פון די פרומע פרויען.

אין'ם זכות פון די פרומע פרויען אין יענעם דור זענען יודען פון מצרים אויסגעלייזט געוואָרען. פון פאַר=טאָג ביז שטאָק=נאַכט זענען זייערע מאַנען אין פעלד אונטער דער ברענענדיגער זון געשטאַנען, מיט די נאַקעטע פיס ליים געקנאָטען און מיט צובלאָטיגטע הענד ציגעל געמאַכט. די רוט פון די אַכזר'ישע אויפזעהער האָט איבער זייער לייב געסווישערט, און בלוטיגער שווייס מיט טרעהרען האָבען ווי זאַלץ אויף זייערע וואונדען געשמאַרצט. אין דער צייט פלעגען זייערע כּשר'ע פרויען מיט די קרוגען צום טייך אַרויסגעהן, וואַסער אַהיים אָנשעפען, האָט זיי גאָט ברוך=הוא לעבעדיגע פישליך אין די קרוגען צוגעשיקט און ס'האָט זיך האַלב וואַסער אָנגעשעפט. זענען די פרויען אַהיים געגאַנגען, צוויי טעפּעליך צוגעשטעלט, איינס מיט אַקריפּ און איינס מיט פישליך, און צו די מאַנען אין פעלד אַוועקגעטראָגען, זיי דאָרט אַרומגעוואַשען, די וואונדען מיט בוימאייל אויסגעשמירט, זיי אָנגעהאָדיוועט און אָנגעטרינקען, און צוריק אַהיים געגאַנגען.

און ווען דיזעלבע פרויען האָבען בעדאַרפט צו־קינד געהן, האָבען זיי זיך אין פעלד אַוועקגעלאָזט און דאָרט אונטער אַ עפּעלבוים די קינדער געבוירען, און גאָט פלעגט אַ גוטען מַלְאָךְ זיי צושיקען, וואָס פלעגט דאָס קינד אויפנעהמען, ריין אויסבאָדען און אויספּוצען עס, ווי אַ טרייע אַם זיך מיט דעם אָפּגעבען, מיט האָניג און בוימאייל עס ערנעהרען.

און ווי די מִצְרִים האָבען עס דערשפּירט, זענען זיי געקומען אַהין, די קינדערליך פון דער וועלט אומבריינגען, פלעגט אַ נֵס געשעהן און די קינדער זענען אין דער ערד איינגעשלונגען געוואָרען. ברענגען די מִצְרִים אָקסען און צואַקערן דאָס פעלד — האָט עס אָבער זיי נישט געשאַדט. ווי די יונגע גרעזליך האָבען זיי דערנאָך פון דער ערד אַרויסגעשפּראָצט, און גאַנצע טשערעדעס־ווייז לעבעדיג און פריש אַהיים צו דער מאַמען געקומען.

און שפּעטער, ווען יודישע קינדער זענען דעם יַם איבערגעגאַנגען און גאָט האָט זיך זיי דאָרט בעוויזען, האָבען זיי איהם די ערשטע דערקענט.

— „זֶה אֵלִי!“ — האָט יעדעס פון זיי געטייט מיט די פינגער — אָט איז גאָט, אָט דער איז ער!

# אַ טרייער הירט.

אַז משֶׁה האָט געפּיטערט יִתְרוֹ׳ס שאָף אין מִדְבָּר, איז איינמאָל ביי איהם אַ שעפּעלע אַנטלאָפען פון דער טשערעדע און ער האָט עס נאָכגעיאָגט און געטראָפען הינטער׳ן באַרג, ווי עס שטעהט ביים טייך און טרינקט. זאָגט משֶׁה: אָרים שעפּעלע, ניט געוואוסט האָב איך, אַז דו ביזט אַזוי דאָרשטיג, און אומזיסט דיך געיאָגט און געטריבען! איצט ביזטו, נעביך, מיעד, קום, אויפ׳ן אַקסעל וועל איך דיך נעהמען און צוריק אָבטראָגען.

איז אַרויס אַ בַּת־קוֹל און געזאָגט:

— דערפאַר וואָס דו האָסט אַזוי פיעל רַחֲמָנוּת אויף אַ שטומע צונג, וועסטו זוֹכֶה זיין צו פּיטערן מיינע הייליגע שאָף — דאָס פאָלק יִשְׂרָאֵל.

# דֶער דָאָרְנְבּוֹים.

משֶׁה האָט זיך אַרומגעפירט מיט יִתְרוֹ׳ס שאָף אין דעם מִדְבָּר, און דאָס האַרץ זיינס איז געווען ביי זיינע געפּיינִיגטע בּרידער אין מִצְרַיִם. „וואָס וועט זיין מיט זיי דער סוֹף — האָט משֶׁה פערצווייפעלט געטראַכט — צי וועלען זיי דאָס אויסהאַלטען, צי פּאַר גרויסע צָרוֹת און פּיין וועלען זיי איינגאַנצען פון דער וועלט נישט אומקומען?"

דאָ האָט זיך אים גאָט בּעוויזען אין פייער פון אַ דאָרנבּוים.

— משֶׁה — האָט אים גאָט געזאָגט — צי מיינסטו דען, אַז איך האָב אָן מיינע קינדער פערגעסען? צי שפּירסטו נישט, אַז זייער צַעַר איז מיין צַעַר? אָט זעה פון וואַנען מיין שְׁכִינָה בּעווייזט זיך דיר איצט — פון אַ דאָרנבּוים! מיט זיי אין איינעם לייד איך, אַ גלייכער שוּתָּף בּין איך אין זייער צַעַר. זעהסטו אָבער, אָט דער דאָרנבּוים בּרענט און ווערט נישט פערבּרענט — צו אים זענען די יודישע קינדער געגליכען: קיינע צָרוֹת און פּיין וועלען זיי פון דער וועלט נישט אומבּריינגען.

# מַתַּן־תּוֹרָה.

I.

קיין פויגעל האָט ניט געצווישערט, קיין פליגעל זיך ניט געריהרט, קיין וועלע אין יַם זיך ניט בּעוועגט, מַלְאָכִים אין הימעל די שִׁירָה איבּערגעריסען, שְׂרָפִים דעם „קָדוֹשׁ" ניט פערענדיגט, די גאַנצע וועלט דעם אָטעם פערהאַפּט, — אין דער מינוט ווען גאָט׳ס שטימע האָט אַ דונער געטהון פון איין עק וועלט בּיז׳ן אַנדערן: „אָנֹכִי ה׳ אֱלֹהֶיךָ" — איך בּין גאָט, דיין גאָט!

## II.

די צעהן געבאָט, אַרויסגעהענדיג פון גאָט'ס מויל, האָבען זיך צושפרייט אויף גאָר דער וועלט און מיט יעדען פון זיי האָט זי זיך אָנגעפילט מיט אַ זיסען ריח פון בשמים, יעדעס געבאָט מיט זיין באַזונדערן ריח. און פון איין עק וועלט ביז'ן אַנדערן האָט געהילכט גאָט'ס שטימע, צוּבראָכען זיך אויף זיעבציג טיילען און אויף אַלע זיעבציג לשונות זיך הערען געלאָזט.

פערציטערט זענען געוואָרען אַלע אומות פון דער וועלט און ערשטוינט זענען שטעהן געבליבען די מלכים אין זייערע פּאַלאַצען. און פון אַלע עקען איז מען געקומען צו בלעם'ן, דער נביא פון די אומות אין יענער צייט, און דערשראָקענע האָט מען איהם געפרעגט: וואָס בעדייט עס, אפשר וויל גאָט ווידער אַ מבול ברענגען אויף דער וועלט?

ענטפערט ער זיי: גאָט האָט שוין איינמאָל געשוואוירען, אַז ער וועט די וועלט מעהר ניט פערפלייצען.

— אפשר פערפלייצען — נישט, אָבער אַנ'אומקומעניש דורך פייער — יאָ?

— ניין, די וועלט וועט ניט חרוב, — שטאַרקער און מעכטיגער ווערט זי — די תורה ווערט געגעבען די מענשען.

# משה'ס תפלה פאַר'ן טויט.

ווען משה האָט געזעהן, אַז דער גזר-דין אויף איהם איז שוין אָנגע-חתמ'ט געוואָרען, האָט ער אַרומגעצייכענט אַרום זיך אַ עיגול 1) און אַליין געשטעלט זיך אין מיטען און געזאָגט: „איך רירה זיך נישט פון דאַנען, ביז דו וועסט די גזירה מבטל זיין“. און אָנגעטהון האָט ער זיך

1) קרייז, רעדעל.

אין אַ זאַק און איינגעהילט זיך אין אַ זאַק און זיך געוואַלגערט אין אַש, און האָט גענומען בעטען רַחֲמִים ביי גאָט בָּרוּךְ־הוּא, ביז דער הימעל מיט דער ערד און די גאַנצע נאַטור האָבען אָנגעהויבען ציטערן און געפרעגט: „אֶפְשַׁר איז שוין דער ווילען פון גאָט געקומען גאָר זיין וועלט צו בענייען?" 1) איז אַ בַּת־קוֹל אַרויס און געזאָגט: „נישט געקומען איז נאָך דער ווילען פון גאָט זיין וועלט צו בענייען, נאָר „אין זיין האַנד איז די זעעל פון אַלע לעבעדיגע" 2)... און גאָט האָט געלאָזט אויסרופען אין יעדען טויער פון יעדען הימעל, משה'ס תְּפִלָּה זאָל מען איהם נישט אויפגענומען און געבראַכט ווערען, ווייל דער גְזַר־דִין זיינער איז שוין אָנגע'חַתְמ'עט, און ווען דאָס קוֹל פון דער תְּפִלָּה צו'ם הימעל האָט זיך געשטאַרקט, האָט גאָט גערופען און געזאָגט די מַלְאֲכֵי־הַשָּׁרֵת: „געשווינד לאָזט זיך אַראָפּ און אַלע טויערן פון יעדען הימעל פערשליסט! ווייל משה'ס תְּפִלָּה איז געגליכען צו אַ שווערד, וואָס רייסט און שניידט און קיינער קען עס נישט אָבשטעלען. האָט משה געזאָגט פאַר גאָט בָּרוּךְ־הוּא: „רִבּוֹנוֹ־שֶׁל־עוֹלָם, פאַר דיר איז אָפען און בעוואוסט מיין מיה און צַעַר, וואָס איך האָב געליטען איבער די יודען, ביז זיי האָבען אָנגעהויבען גלויבען דיין נאָמען; וויפיעל ליידען האָב איך צוליעב זיי איבערגעטראָגען ביז איך האָב ביי זיי פעסטגעשטעלט די תּוֹרָה מיט מִצְווֹת. געמיינט האָב איך: אַזוי ווי איך האָב זייער צַעַר און יִסוּרִים געזעהן, אַזוי וועל איך זוֹכֶה זיין אויך זייער נַחַת דערלעבען — און איצט ווען די צייט פון נַחַת איז געקומען, זאָגסטו מיר: „דו וועסט נישט אריבערגעהן דעם יַרְדֵן" — מאַכסטו דאָך פאַר פאַלש דיין אייגענע תּוֹרָה, וואו דו האָסט געשריבען: „אין זיין טאָג זאָלסטו איהם (דעם טאָג־אַרבייטער) זיין לוין געבען". שוין־זשע איז דאָס מיין לוין פאַר אַרבייט פון פיערציג יאָהר, וואָס איך האָב זיך אַזוי בעמיהט, ביז ס'איז אַ הייליג און געטרייע פאָלק געוואָרען?" ענטפערט גאָט בָּרוּךְ־הוּא: „אַזאַ גְזֵירָה איז פון מיר אַרויס!" זאָגט משה: „רִבּוֹנוֹ־שֶׁל־עוֹלָם, אויב איך קען נישט אַריינגעהן אין אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל לעבעדיגערהייד — ברייננ מיך אַהין אַריין טויטערהייד, ווי יוֹסֵף'ס ביינער". ענטפערט גאָט: „משה, ווען יוֹסֵף איז קיין מִצְרַיִם געקומען, האָט ער זיך דאָרט נישט פערפרעמדט, נאָר אַרויסגעזאָגט, אַז ער איז אַ יוד, דו אָבער האָסט זיך אין מִדְיָן פערפרעמדט: ווען יִתְרוֹ'ס טעכטער האָבען דיך פאַר זייער פאָטער מיט'ן נאָמען מִצְרִי אָנגערופען, האָסטו געהערט און זיך נישט

1) ד. ה. פערניכטען די איצטיגע וועלט און בעשאַפען אַ נייע. 2) ד. ה. ער וויל משהן פון דער וועלט נעהמען.

ווינסענדיג געמאַכט". זאָגט משה ווידער: „רבונו־של־עולם, אויב דו ווילסט מיך ניט אין ארץ־ישראל אַריינבריינגען, לאָז מיך זיין ווי די חיות פון פעלד, וואָס עסען גראָז און טרינקען וואַסער און זעהען די וועלט — אַזוי זאָל איך אויך זיין ווי איינע פון זיי". זאָגט איהם גאָט: „גענוג שוין!" בעט משה ווייטער: „רבונו־של־עולם, אויב ניט, לאָז מיך זיין אויף דער וועלט ווי דאָס פויגעלע, וואָס פליהט אין אַלע פיער עקען וועלט און קלויבט זיך שפייז אַלע טאָג — און קומט צוריק פאַרנאַכט אין זיין נעסט". „גענוג שוין!" — ענטפערט גאָט.

# דוד דער גוטער פאַסטוך.

פון די שאָף אַרויס האָט גאָט גענומען דוד'ן אַ פאַסטוך צו זיין ביי'ם יודישען פאָלק. ווייל גאָט אויפשטעלען אַ פיהרער פאַר זיין פאָלק, פרובט ער פריהער אויס זיין געטריישאַפט אויף שאָף. אַזוי איז געווען מיט משה'ן, און אַזוי אויך מיט דוד'ן.

דוד אַלס פאַסטוך פלעגט פיטערן זיינע העררען שאָף אַזוי אויסגערעכענט, אַז יעדען פון זיי זאָל אָנקומען אַזאַ פוטער ווי פאַר איהם איז בעסער און געזונדער. צום אַלעם ערשטען האָט ער אַרויסגעפיהרט נאָר די יונגסטע אָהן־צייהניגע שע־פעליך, זיי זאָלען אָבעסען דאָס אויבערשטע פון גראָז, נאָר דאָס ווייכסטע און דאָס גרינגסטע צום קייען. דערנאָך — די אַלטע שוואַך־צייהניגע צאַפעס, זיי זאָלען געניסען פון דער מיט גראָז, נאָך אויך גענוג ווייך. צום אַלעם לעצטען — די יונגע דערוואַקסענע שאָף, וואָס זיי מיט זייערע פעסטע צייהן קענען גריזען און וועלען פערדייען אויך דאָס אונטערשטע האַרטע גראָז, נאָהענט ביים וואָרצעל.

דערפאַר האָט איהם גאָט געזאָגט: דער וואָס קען אַזוי טריי פאַשען זיינע שאָף, יעדען נאָך זיין כוח — אין זיינע הענד פערטרוי איך מיינע שאָף — מיין פאָלק

# דָוִד'ס האַרפֶּע.

אַ האַרפֶּע איז געהאַנגען איבער דָוִד הַמֶלֶךְ'ס בעט. אַלֶע האַלבּע נאַכט פלעגט קומען אַ צָפוֹן־ווינד און שטיל אַריינ־בּלאָזען אין דער האַרפֶּע און זי פלעגט אָנהויבּען אַליין שפּיע־לען. דאַמאָלס האָט זיך דָוִד אויף און שטעלט זיך גאָט לויבּען ביז פריה־מאָרגען.

# יִרְמְיָה נאָכ'ן חוּרְבָּן.

אַז יִרְמְיָה איז אַרויס פון עֲנָתוֹת און געלאָזט זיך געהן צוריק קיין יְרוּשָׁלַיִם, האָט ער דערזעהן פון ווייטען, ווי אַ רויך געהט פון בֵּית־הַמִקְדָשׁ — און געטראַכט אין האַרצען: אֶפְּשַׁר האָבען די יודען תְּשׁוּבָה געטהון און ברענגען איצט קָרְבָּנוֹת? איז דאָס אֶפְּשַׁר דער רויך פון קְטוֹרֶת?

איז ער אַרויף אויפ'ן מויער און דערזעהן, ווי דער בֵּית־הַמִקְדָשׁ ליעגט אין הויפען אַש און פערברענטע שטיינער — האָט ער אָנגעהויבּען צו שרייען און קלאָגען: „אָ גאָט, דו האָסט מיך פערפיהרט און איך האָב זיך געלאָזט פערפיהרען!"[1]

לאָזט זיך יִרְמְיָה געהן ווייטער, געהט און קלאָגט:

„מיט וועלכען וועג זענען זיי אַוועק, די זינדיגע,
מיט וועלכען שטעג זענען זיי אַוועק, די עלענדע, —
וועל איך געהן און אומקומען מיט זיי אינאיינעם".

געהט ער מיט'ן וועג און זעהט, ווי דער שטויב איז נאַס, בּעשפּריצט מיט בּלוט, בּויגט ער זיך איין און זעהט טריט פון קליינע קינדער, וואָס מ'האָט געפיהרט געפאַנגען, — פאַלט ער אויף דער ערד און קושט די טריט זייערע. געהט ער ווייטער און דעריאָגט אַ גרופּע בַּחוּרִים, געבּוי־גען דעם האַלז אין אייזערנע שטאַנגען, — טהוט ער אַריין זיין קאָפּ אין שטאַנג און העלפט זיי שלעפּען דעם יאָך, קומט נְבוּזַרְאֲדָן און נעהמט איהם צו פון דאָרט.

זעהט ער, ווי גרויסע זְקֵנִים געהען געשמידט אין שווערע קייטען—

1) מיט דעם, וואָס גאָט האָט איהם געשיקט קויפען אַ פעלד אין ענתות.

פאַלט ער צו צו זיי מיט'ן קאָפּ. קומט נבוזראדן און רייסט איהם אָב פון זיי.

געהט מען צושיידטע און מע וויינט איינער אויפ'ן אַנדערן קוקענדיג.

אַזוי האָט ער זיי בעגלייט ביז'ן טייך פּרת. דאָרט האָט ער זיך מיט זיי צוזעגענט, אומצוקעהרען זיך צו די חורבות פון ירושלים, צו טרייס־טען די, וואָס זענען דאָרט געבליבען.

ווי די פערטריבענע האָבען געזעהן, אַז ירמיה שיידט זיך אָב פון זיי, האָבען זיי אָנגעהויבען צו וויינען:

— ירמיה, אונזער פאָטער, אויף וועמען לאָזטו אונז?

ענטפערט זיי ירמיה:

— הימעל און ערד זענען מיינע עדות, אַז ווען איהר ווייַנט אַזוי איינמאָל אין ציון — וואָלט איהר איצט ניט פערטריבען געוואָרען.

מיט אַ פערוועהטיגט האַרץ געהט ירמיה צוריק קיין ירושלים. אויפ'ן גאַנצען וועג זעהט ער ליגען צווייהט און צוואָרפען פון זיינע ברי־דער פינגער פון העַנד און פון פיס און אַנדערע אָבגעהאַקטע גלידער, קלויבט ער זיי צערטליך אויף אײנציגווייז און בעהאַלט זיי אין זיין קלייד, ווייַנט אויף זיי און קלאָגט: קינדער מיינע, פאַרוואָס האָט איהר מיך נישט געפאָלגט, איידער דער פינסטערער טאָג איז אָנגעקומען? געהט ער ווייטער און זעהט פאַר זיך די קעפּ פון די בערג בעדעקט מיט אַש פון פערברענ־טע דערפער, די שענסטע טהאָלען פערוויסט און פערפינסטערט. און אַ גרויסע קלאָג־ליעד האָט זיך אַרויסגעריסען פון ירמיה'ס האַרצען און לאַנג האָט זי זיך געלאָזט הערען צווישען די בערג און טהאָלען.

# בענקעניש.

„דאָס אַלעס אַז איך דערמאָהן זיך, צוגעהט זיך אין מיר מיין האַרץ" — אַזוי קלאָגען זיך פערבענקט און זייער ליעד די פערטריבענע לוים אין נאָמען פון די כנסת־ישראל — „רבונו של עולם! איך דערמאָהן זיך די רוהיגקייט און די זיכערהייט פון מיין פריהעריג לעבען אין מיין אייגען לאַנד. איצט איז עס אַלעס פערשווינדען, און איך וויין און קרעכץ און בענק: אוי, ווי קעהרט מען אום צוריק די פריהעריגע גליקליכע צייט, ווען דער בית־המקדש איז נאָך געשטאַנען אין זיין גאַנצען פראַכט און גלאַנץ, און דו, אונזער גרויסער גאָט, האָסט זיך אַראָבגעלאָזט אין איהם פון דיינע הויכע הימלען און דיין היילינגע שכינה האָט אויף מיר גערוהט. אומות־העולם האָבען צוגעזעהן מיין כבוד און מיר מקנא געווען. אין

א שווערער מינוט, ווען די יינד האבען מיר אויפ'ן הארץ געדריקט, איז געווען פאר וועמען רַחֲמִים צו בעטען; איך האב זיך צו דיר, פאטער אין הימעל, געווענדעט און דו האסט מיר באלד געענטפערט. איצט אבער, וועה איז מיר, צו שאנד און צו שפאט בין איך געווארען. פינסטער און וויסט ווערט מיר אויף דער נְשָׁמָה, ווען איך געה פארביי דיין הויז און איך זעה ס'איז פון איהם א חוּרְבָּה געווארען, אבגעשטארבען איז דארט אלעס און א שטילער טרויער שוועבט-ארום אין יעדען ווינקעל. ערשט ווי לאנג איז דאס ארט אזוי בעלעבט געווען פון פייערליכען גאטעסדיענסט, דא האבען אַבְרָהָם'ס קינדער קָרְבָּנוֹת געבראכט, דא האבען די כּוֹהֲנִים פון זייער בִּימָה מיט פערשפרייטע הענד דאס פאלק געבענשט, דא זענען געשטאנען די חארען און די קאפעליעס פון לְוִיִם, און הילכיג פאר גאט געזונגען און געשפיעלט — איצט שפרינגען דא, אויף דעם ארט, ווילדע שאקאלען ארום, און זייער היילען לאזט זיך הערען איבער דער גאנצער געגענד".

און נאך קלאגט די כְּנֶסֶת-יִשְׂרָאֵל: „רִבּוֹנוֹ-שֶׁל-עוֹלָם, אויף וואס איך בין איצט איבערגעקומען, וואס איך בין געווען פריהער און וואס פון מיר איז איצט געווארען: אמאל פלעג איך דריי מאל אין יאהר עוֹלֶה-לְרֶגֶל זיין, בעשיצט אינ'ם זיסען שאטען פון דיינע פליגעל, גלייכע וועגען האבען זיך דורך גרינע פעלדער פאר מיר געצויגען און שוּרוֹת ביימער האבען מיט געדיכטע צווייגען מיין קאפ פערדעקט, און איצט בין איך פערדריקט אינ'ם פינסטערן שאטען פון פרעמדע קעניגרייכען, מיין וועג איז פערלעגט מיט שטיינער און בעוואקסען מיט דערנער און אהן א שיעור, קוים וואס איך געה א מיעדער אונטער דער ברענענדיגער זון! אמאל האבען די וועגען אהן אויפהער גערוישט ווי וואסערפאלען, טאג מיט נאכט האבען זיך איבער זיי יוֹם-טוֹב'דיג גאנצע מַחֲנוֹת געצויגען מיט קערב פון בִּכּוּרִים אויפ'ן קאפ, און מיט פרעהליכע ליעדער און געזאנגען אין מויל. און איצט — אנטשוויגען זענען געווארען די וועגען, מיט א שטומען צַעַר שלעפ איך זיך אום איבער זיי הין און הער און קען פאר זיך קיין ארט ניט געפינען".

# יודישע וויצען.

בעאַרבייט דורך י. ח. ראַווניצקי.

---

## אַ גוטער בעל יועץ.

צו אַ גביר, וואָס האָט געהאַט אַ סך גרויסע געשעפטען, איז געקו־מען זיין אָרימער קרוב בעטען אַ שטעלע.

— וואָס פאַר אַ שטעלע קענסט איהר פערנעהמען? — פרעגט איהם דער גביר — אַ בוך קענסט איהר פיהרען?

— ניין, דאָס קען איך נישט — ענטפערט דער קרוב.

— אפשר קענסט איהר בריעף שרייבען?

— ניין, דאָס אויך נישט.

— וואָס־זשע פאָרט קענסט איהר יאָ?

— צו אַזעלכע גרויסע עסקים ווי אייערע, קיין עין־הרע — ענט־פערט דער אָרימער קרוב מיט אַ זיס שמייכעלע — איז נויטיג פאַר אייך ווי דאָס לעבען צו האָבען אַ שטענדיגען בעל־יועץ; און איך מעג זיך אַליין לויבען, אַז איך קען זיין, ברוך־השם, אַ גוטער בעל־יועץ.

— אויב אַזוי — מאַכט דער גביר — גיט־זשע מיר טאַקי, זייט מוחל, שוין תיכף די ערשטע עצה, ווי אַזוי ווערט מען אייך פטור...

## גוט געטראָפען.

צוויי בחורים האָבען זיך געשפּאַרט אין בית־המדרש איבער אַ האַרב שטיקעל גמרא. קומט אַריין אַ אַלטער מאַן אַ שניידער, וואָס האָט געהאַט אַ פּנים פון אַ שענעם יודען אַ למדן. ווענדען זיך די בחורים צו איהם, ער זאָל זיי זאָגען, ווער פון זיי איז גערעכט.

— כ'איז גוט — זאָגט דער אַלטער שניידער — וואָס איהר האָט געטראָ־פען אויף אַזאַ יודען, וואָס קען, ברוך־השם, אַ שטיקעל גמרא; וואָס אָבער וואָלט געווען, ווען איהר טרעפט־אָן, אַ שטייגער, אויף אַ גראָבען יונג, חלילה, וואָלט איהר דאָך איהם פערשעמט. דערפאַר, זעהט איהר, וועל איך אייך אויך נית זאָגען, איהר זאָלט וויטער וויסען אויף אַ אַנ־דערס מאָל.

# גאָר אַ אַנדערע זאַך קָשֶׁה.

צוויי יונגע לײַטליך האָבען זיך אַוועקגעשפּאַרט אַ היבשע צײַט איבער אַ „כְּלוֹמַר" אין רַשִׁ"י: איינער זאָגט, אַז רַשִׁ"י קומט דאָ מיט'ן כְּלוֹמַר צו בּעוואָרענען אַזאַ קַשְׁיָא, און דער צווייטער רעכענט אַ אַנדערע קַשְׁיָא. קומט אַריין אַ שענער יוד אַ בּעטאָגטער, בּעטען זיי איהם, ער זאָל זיי זאָגען: וואָס מײַנט דאָ רַשִׁ"י מיט'ן כְּלוֹמַר, ווי דער, צי ווי יענער?

דער אַלטער מאַן אָבער איז געוועזען גאָר אַ קליינער יוֹדֵעַ סֵפֶר. נאָכדעם וואָס ער האָט לאַנג אַרײַנגעקוקט אין רַשִׁ"י, זאָגט ער זיי: מיר איז דאָ גאָר אַ אַנדער זאַך קָשֶׁה.

— גאָר אַ אַנדער זאַך! — וואונדערן זיך די יונגע לײַטליך — וואָס נאָך פאַר אַ דריטע קַשְׁיָא קען דאָ זײַן?

— מיר איז קָשֶׁה, פערשטעהט איהר מיך, ווי אַזוי קען מען עס גאָר לייענען אַזעלכע פיצליך אוֹתִיוֹתִליך?

# אַ גרויסער בַּעַל-חוב.

אַ אָרים יונגעל איז געקומען אין אַ גרויסער קלייט בּעטען אַ נְדָבָה. נאָכדעם וואָס ער האָט שוין בּעקומען די נְדָבָה, שטעהט ער נאָך אַלץ און קוקט און בּעטראַכט די קלייט אין אַלע זײַטען.

— וואָס האָסטו זיך אַזוי פערקוקט, יונגעלע? — פרעגט איהם דער בַּעַל-הַבַּיִת פון דער קלייט מיט אַ שמייכעל.

— איך קוק נור און קלער בּײַ זיך — ענטפערט דאָס אָרים יונגעל — אַז ווען מײַן מאַמע, וואָס האָלט אַ קליין קרעמיל, וואו איינגאַנצען די סְחוֹרָה בּעטרעפט נישט מעהר ווי אַ פּאָר רובּל, איז זי אויך שולדיג אֶפְשַׁר צעהן קערבּליך, — הײַנט אַז בּײַ אײַך געפינט זיך אין קלייט אַזוי פיעל סְחוֹרָה, וואָס פאַר אַ בַּעַל-חוֹב דאַרפט איהר שוין זײַן!...

# אַ עיבּור-יָאהר.

אַ יִשׁוּבְנִיק האָט אַמאָל געזאָגט די הַגָּדָה מיט זײַנעם אַ בָּחוּר פון איין סְדוּר. אין דער הַגָּדָה איז געוועזען גראָד פערוועגדט אַ בּלאַט פון סְלִיחוֹת, און זיי זאָגען כְּסֵדֶר: אֵלּוּ עֶשֶׂר מַכּוֹת שֶׁהֵבִיא הַקָּדוֹשׁ

בָּרוּךְ הוּא עַל הַמְּצֵרִים בְּמִצְרַיִם וְאֵלוּ הֵן: אָשַׁמְנוּ, בָּגַדְנוּ, גָּזַלְנוּ א. ז. וו.

— טאַטע — רופט זיך אָן דער זוהן — מיר דאַכט, אַז היינטיגס יאָהר איז עפּיס מעהר מַכּוֹת ווי שטענדיג.

— יאָ, זוהן, דו ביזט גערעכט — ענטפערט דער פאָטער.

— פאַרוואָס־זשע, טאַטע, קומט היינט מעהר מַכּוֹת ווי אַלע יאָהר?

— וואָס פערשטעהסטו דיך נישט, נאַרוּק: היינטיגס יאָהר איז דאָך אַ עִבּוּר־יאָהר...

# אַ פְּשׁוּט'ער קַל וָחוֹמֶר.

אַ יְשִׁיבָה־בָּחוּר, ליעגענדיג אויף אַ האַרטער באַנק, האָט אַמאָל געזאָגט:

איך קען נישט פערשטעהן לַחֲלוּטִין אויף וואָס דאַרפען עס מענשען האָבען די סך קשיעס מיט פעדערנעס. ס'איז דאָך אַ פְּשׁוּט'ער קַל וָחוֹמֶר, אַז זיי מוזען טויגען אויף גאָרנישט; מַה־דאָךְ, אַז מע לעגט זיך אויף איין פעדער איז האַרט, פְּשִׁיטָא שוין אויף אַ סך פעדערן, מוז אַוַדאי און אַוַדאי זיין האַרט צו ליעגען.

# אַלץ אויף דער לינקער זייט.

דער דראָזשנער רַב איז געווען, נישט פאַר קיין יודען געדאַכט, אַ גרויסער שְׁלִימַזְל'ניק און דאָס ווייב האָט מיט איהם תָּמִיד געהאַט צו זינגען און צו זאָגען. מעהר פון אַלעמען פלעג זי האָבען מיט איהם צו טהון אַלע פרייטאָג מַכּ'חַ דעם הַעֲמֵד: זי פלעג איהם מיטגעבען פרישע וועש און מְרֶחָץ, ווי דער שטייגער איז, און דערביי אַלע מאָל אָנזאָגען, ער זאָל געדענקען נעהמען דאָס הַעֲמֵד, ווען ער וועט עס אָנטהון און איבערקעהרען אויף דער רעכטער זייט; און ער, געוועהנליך, פלעג שטענדיג פערגעסען און אָנטהון דאָס הַעֲמֵד אויף דער לינקער זייט. פערשטעהט זיך, אַז ער איז געקומען אַהיים, האָט ער שוין געהאַט פון דער רֶבִּי'צִין זיין שֶׁהרליך אויסקומעניש, נאָר עס האָט גאָר נישט געהאָלפען. ס'איז געקומען דער אַנדערער פרייטאָג — ווייטער די אייגענע מַעֲשֶׂה.

איינמאָל איז זיך גאָר מְיַשֵּׁב די רֶבִּי'צִין, און איידער זי האָט מיטגע־געבען דאָס וועש דעם רַב האָט זי גענומען און אַליין איבערגעקעהרט דאָס הַעֲמֵד אויף דער רעכטער זייט. דאַרף זיך גראָד דערמאָלט מאַכען, ער זאָל

זיך דערמאָהנען, וואָס דאָס ווייב מַעֲנֶה'ט מיט איהם אַלע פרייטאָג און ער קעהרט איבער דאָס העמד און טהוט עס אָן.

ער קומט אַהיים און דאָס ווייב דערזעהט, אַז ער טראָגט ווייטער דאָס העמד אויף דער לינקער זייט, הויבט זי אָן צו ליאַרמען: ס'טייטש. איך האָב דאָך שוין היינט מיט מיינע אייגענע הענד אַליין איבערגעקעהרט דאָס העמד און דו טראָגסט עס אַלץ אויף דער לינקער זייט.

— אַזוי, דו האָסט עס אויך איבערגעקעהרט? — מאַכט דער דראָזשנער רֶבּ פערוואונדערט — אַ מַעֲשֶׂה, אַ מַעֲשֶׂה! טאַקי נור פְּלָאִים! אַז דו האָסט איבערגעקעהרט, אַז איך האָב איבערגעקעהרט, און עס קומט אַלץ אויס אויף דער לינקער זייט!...

# דער נִשְׂרָף.

אַנ'אָרימאַן איז אַרומגעגאַנגען קלייבען נְדָבוֹת. ער האָט געזאָגט, אַז ער איז אַ נִשְׂרָף. „וואו איז אייער כְּתָב, אַז איהר זענט בֶּאֱמֶת אַ נִשְׂרָף?" האָט איהם איינער געפרעגט. — „בְּעֵת עס איז געווען די שְׂרֵפָה", האָט דער אָרימאַן געענטפערט „איז דער כְּתָב אויך פערברענט געוואָרען".

---

# יודישע שפּריכווערטער.

## I.

## אַ שפּריכוואָרט איז לְהַבְדִיל אַ תּוֹרָה.

1) דער אֱמֶת קומט אַרויס, ווי בוימאייל אויפ'ן וואַסער. 2) בעסער מיט אַ קלוגען אין גֵיהִנֹם, איידער מיט אַ נאַר אין גַן-עֵדֶן. 3) אַ נאַר איז אַ גְזֵרָה. 4) וויפיעל קעפּ, אַזוי פיעל דֵעוֹת. 5) יעדער בַּעַל-דַרְשָׁן דַרְשׁ'ענט פאַר זיך. 6) מען מיינט ניט די הַגָדָה, נאָר די קנײדליך. 7) אָהן הוֹצָאָה איז ניט קֵיין הַכְנָסָה. 8) אַנ'אָרימאַן איז אַ וַתְּרָן אויף אַ פרעמדען בײטעל. 9) זְכוּת אָבוֹת איז ניט קיין קאַפּיטאַל. 10) אַ ליגנער מוז האָבען אַ גוטען זִכָּרוֹן. 11) אַז מען לעבט אָהן חֶשְׁבּוֹן, שטאַרבט מען אָהן וִדוּי. 12) אַז מען איז בְּרוֹגֶז אויפ'ן חַזָן, ענטפערט מען קיין אָמֵן ניט. 13) דאָס בעסטע עפּעלע כאַפּט אויס דער חֲזִיר. 14) אַ גוטער חָבֵר איז

גאָט אויף דער ערד און אויף יענער וועלט. 15) אז מען וויל יוֹצֵא זיין פאר דער וועלט, קאָסט פיעל געלד. 16) אַ גְמִילוּת־חֶסֶד איז ביי גאָט טייערער ווי אַ נְדָבָה. 17) איידער עס וועט קומען די נֶחָמָה, קען אַרויס די נְשָׁמָה. 18) אויף וואָס פאר אַ פוּהר מען זיצט, אזא נִגוּן זינגט מען. 19) אַ סַךְ מְלָאכוֹת און וועניג בְּרָכוֹת. 20) אַ סַךְ זְמִירוֹת און וועניג לאָקשען. 21) יעדער סוֹחֵר לויבט זיין סְחוֹרָה. 22) קליינע עֲבֵירוֹת ברייינגען גרויסע גְזֵירוֹת. 23) אַ יוד אַ לַמְדָן גיט זיך שטענדיג אַנ׳עֵצָה. 24) בעסער אַ וועהטאָג אין הארצען, איידער אַ חֶרְפָּה אין פָּנִים. 25) דאָס פָּנִים איז אַ מָסוֹר. 26) ניט קיין מְזוּמָנִים, ניט קיין שיין פָּנִים. 27) די צייט מאַכט גרוי די פֵּאָה און ענדערט די דֵעָה. 28) יעדערער איז פאר זיין געלד אַ פָּרִיץ. 29) ווי די מֵתִים עסען, אזא פָּנִים האָבען זיי.

II.

1) דער אֶתְרוֹג קאָסט דאָס גאַנצע געלד, און איבער׳ן לוּלָב מאַכט מען די בְּרָכָה. 2) דער לוּחַ טרעפט אויך אַמאָל. 3) וואו מען דאַרף מֹחַ, העלפט ניט קיין כֹּחַ. 4) ווער עס קען קיין פולווער ניט שמעקען, זאָל אין דער מִלְחָמָה ניט געהן. 5) פון אַ קליינער מִלְחָמָה ווערט אַ גרויסע מְהוּמָה. 6) אז מען האָט ניט קיין בּוּשָׁה פאר לייטען, האָט מען ניט קיין מוֹרָא פאר גאָט. 6) אַחַר הַמַּעֲשֶׂה העלפט ניט קיין חֲרָטָה. 7) איין נאַר איז אַ מֵבִין אויפ׳ן אַנדערן. 8) אַ מִנְהָג ברעכט אַ דִין. 9) מיט אַ נאַר איז אַנ׳איינגער צַעַר. 10) ווען אַ חֲזִיר וואָלט האָבען הערנער, וואָלט די וועלט קיין קִיוּם ניט געהאַט. 11) יִחוּס אויפ׳ן בֵּית־הַקְּבָרוֹת, אין דער היים — צָרוֹת. 12) אויף אַ מַעֲשֶׂה פרעגט מען קיין קַשְׁיָא ניט. 13) אַ קַבְּצָן איז אַ בַּעַל־צְדָקָה. 14) גאָט שיקט צו די רְפוּאָה פאר דער מַכָּה. 15) פרעג ניט דעם רוֹפֵא, פרעג דעם חוֹלֶה. 16) רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! היט מיך ניט און וואַרף מיך ניט. 17) אויף קיין שלאַנג טאָר מען קיין רַחֲמָנוּת ניט האָבען. 18) אַ שֵׁם־טוֹב איז בעסער ווי אַנ׳אֶבֶן־טוֹב. 19) דער שֵׂכֶל קומט נאָך די יאָהרען. 20) ווער עס גרייט ניט אָן אויף עֶרֶב שַׁבָּת, האָט ניט אויף שַׁבָּת. 21) פון קִנְאָה קומט שִׂנְאָה. 22) די תּוֹרָה האָט ניט קיין גרונד. 32) וואו תּוֹרָה דאָרט איז חָכְמָה. 24) אז דער תַּלְמִיד איז אַ וואוילער, איז דער רֶבִּי אויך אַ וואוילער. 25) אַ יודיש געווינס איז דער גוֹרָל פון קַדִּישׁ. 26) איטליכער נישט איז תַּקִיף אויף זיין מיסט. 27) אַ פוילער שָׁלִיחַ געפינט אַלע תֵּרוּצִים.

# איך און דאס קעלבעל.

פון שלום עליכם.

איך גיה מיט אייך אין געוועט אויף וויפיעל איהר ווילט, אז קיינער אין דער וועלט איז נישט געוועזען אזוי צופריעדען מיט'ן ווארימען ליכטיגען נאך־פסח, ווי איך, פייסי דעם חזנ'ס יונגעל, מאטעל, און דעם שכנ'ס קעלבעל, וואס מען רופט דאס „מעני" (דאס האב איך, מאטעל, דעם א נאמען געגעבען „מעני").

ביידע גלייך האבען מיר דערפיהלט די ערשטע שטראהלען פון דער ווארימער זון אינ'ם ערשטען ווארימען נאך־פסח'דיגען טאג, ביידע גלייך האבען מיר דערשמעקט דעם ריח פונ'ם ערשטען גרינעם גרעזעלע, וואס קריכט, שפראצט ארויס פון דער נור וואס אבגעדעקטער ערד, און ביידע גלייך זענען מיר ארויסגעקראכען פונ'ם פינסטערן ענגשאפט צו מקבל פנים זיין דעם ערשטען זיסען ליכטיגען ווארימען פריהלינגס־מארגען. איך, פייסי דעם חזנ'ס יונגעל, מאטעל, בין ארויס פון א טוואן, פון א קאלטען נאסליכען קעלער, וואס שמעקט מיט זויערטייג און מיט רפואות פון דער אפטייק; און מעני, דעם שכנ'ס קעלבעל, האט מען ארויסגעלאזט נאך פון איין ערגערן עפוש: פון א קליין, פינסטער, בלאטיג שטעלעכעל מיט אויסגעקרימטע צופליקטע ווענד, וואס ווינטער בלאזט אריין אהין דער שניי און זומער שמייסט אריין דער רעגען.

ארויסגעחאפט זיך אויף גאט'ס פרייע ליכטיגע וועלט, האבען מיר ביידע, איך און מעני, געוויס דאנקבארקייט צו דער נאטור, זיך גענומען אויסדריקען אונזער צופריעדענהייט. איך, פייסי דעם חזנ'ס יונגעל, האב אויפגעהויבען ביידע הענד ארויף, אויפגעעפענט דאס מויל און אריינגעצויגען אין זיך די פרישע ווארימע לופט אזוי פיעל, וויפיעל איך האב געקאנט, — און עס האט זיך מיר אויסגעדאכט, אז איך וואקס אין דער הויך, און עס ציהט מיך ארויף, ארויף אין דער טיעפער־טיעפער בלויער יארמעלקע אריין, דארט, וואו די שיטערע רויכיגע וואלקענס שוועבען, דארט, וואו די ווייסע פויגלען טיקען זיך, בעוויזען זיך און ווערען פערשוואונדען מיט א קוויטש און מיט א צוויטשער, און עס רייסט זיך ארויס פון מיין אנגעפולטער ברוסט אהן מיין וויסען א מין געזאנג נאך שענער ווי יום־טוב מיט'ן טאטען ביים עמוד, א געזאנג אהן ווערטער, אהן נאטען, אהן א שום מאטיוו, א מין נאטור־געזאנג פון א וואסער־פאל,

פון יאָגענדיגע חוואַליעס, אַ מין שיר־השירים, אַ געטליכע התפעלות.

גאַנץ אַנדערש האָט דאָס אויסגעדריקט מעני, דעם שכנ'ס קעלבעל.

מעני, דעם שכנ'ס קעלבעל, האָט קודם אַרײַנגעשטעקט די שוואַרצע נאַסע מאָרדע אין מיסט אַרײַן, אַ שאַר געטהון מיט'ן פאָדערשטען פיסעל די ערד אונטער זיך אַמאָל דרײַ, פערריסען דעם עק, אויפגעשפרונגען נאָכדעם אויף אַלע פיער, און אַרויסגעלאָזט אַ טומפיגען „מע“!. דער „מע“ האָט מיר אויסגעוויזען אַזוי קאָמיש, אַז איך האָב מיך געמוזט צולאַכען און נאָכמאַכען, פונקט דעם אייגענעם „מע“ מיט'ן זעלביגען נוסח, וואָס מעני. מעני'ן איז דאָס, ווײַזט אויס, געפעלען, וואָרום עס האָט לאַנג נישט גענומען, האָט דאָס קעלבעל איבערגעחזר'ט דאָס אייגענע נאָך אַמאָל, מיט'ן זעלביגען נוסח און מיט'ן זעלביגען שפרונג. זעלבסטפערשטענדליך, אַז איך האָב דאָס באַלד נאָכגעטהון מיט אַלע פישטשעווקעס, מיט'ן קול און מיט'ן שפרונג. אַזוי עטליכע מאָל: איך אַ שפרונג, דאָס קעלבעל אַ שפרונג; דאָס קעלבעל אַ „מע“, איך אַ „מע“. ווער ווייסט, ביז וואַנען דאָס שפיעל וואָלט זיך אַזוי געצויגען, ווען ניט אַ שנײַד פון אונטען אין האַלז אַרײַן פון מײַן עלטערן ברודער אליהו מיט אַלע זײַנע פינף פינגער:

— קיין חרפה ניט! אַ בחור'ל פון פינף יאָהר שטעלט זיך אַוועק טאַנצען מיט אַ קעלבעל!... אין שטוב אַרײַן גיה, דו הולטײַ איינער!... דער טאַטע איז קראַנק און איהם גלוסט זיך איצט טאַנצען!

---

# דער יתום.

פון שלום עליכם.

## I.

פון זינט איך בין צו מײַן שכל געקומען, געדענק איך ניט, איך זאָל זײַן אַזאַ מיוחס, ווי אַצינד. וואָס איז מיט מיר דער יחוס? — מײַן טאַטע, פייסי דער חזן, איז געשטאָרבען דעם ערשטען טאָג שבועות, און איך בין געבליבען אַ יתום.

פון דעם ערשטען טאָג נאָך שבועות האָבען מיר אָנגעהויבען זאָגען קדיש — איך און מײַן ברודער אליהו. ער טאַקי האָט מיך אויסגעלערנט זאָגען קדיש.

מײַן ברודער אליהו איז אַ געטרײַער ברודער, אָבער ניט קיין.

גוטער רֶבּי, ער איז אַ כַּעֲסָן, ער שלאָגט זיך! ער האָט אויפגעעפֿנט אַ סדור און האָט זיך פֿאַרקוועטשט מיט מיר און האָט אָנגעהויבן מיט מיר שטודירען:

— יִתְגַדַל וְיִתְקַדַש שְׁמֵהּ רַבָּה.... ער וויל, אַז איך זאָל שוין קאָנען אויסענווייניג. ער חזר'ט איבער מיט מיר נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל פֿון אָנהויב ביז'ן סוף און הייסט מיר, אַז איצט זאָל איך שוין זאָגען אַליין. איך זאָג אַליין, אָבער עס געהט ניט.

ביז „וְיַצְמַח פֻּרְקָנֵהּ" איז נאָך ווי עס איז, און קומט צו „וְיַצְמַח פֻּרְקָנֵהּ" פֿערטשעפּע איך מיך, דערלאַנגט ער מיר מיט'ן עלענבויגען און זאָגט מיר, אַז דער קאָפּ איז מיר, אַפְּנִים, ערגעץ אין דרויסען (גלייך ווי געטראָפֿען) אָדער ערגיץ ביים קעלבעל... (גלייך ווי ער איז געוועזן דערביי!). ער פּוילט זיך ניט און חזר'ט איין מיט מיר נאָך אַמאָל, איך האָב מיך קוים דערשלאָגען ביז „לְעֵילָא וּלְעֵילָא מִן כָּל בִּרְכָתָא וְשִׁירָתָא תֻּשְׁבְּחָתָא" און ווייטער ניט אַ טראָט! ער נעהמט מיך אָן פֿאַר'ן אויער און זאָגט, אַז דער טאַטע זאָל אויפשטעהן און זעהען, וואָס פֿאַר אַ זוהן ער האָט!

— וואָלט איך פֿערשפּאָרט זאָגען קדיש...

אַזוי זאָג איך צו מיין ברודער אֵלִיָהוּ און חאַפּ פֿון איהם אַ געשמאַקען פּאַטש מיט דער לינקער האַנד אין דער רעכטער באַק אַריין. — דערהערט די מאַמע און גיט איהם אַ פְּסַק, ער זאָל מיך ניט שלאָגען, וואָרום איך בין אַ יָתוֹם.

— גאָט איז מיט דיר! וואָס טהוכטו? וועמען שלאָגסטו? האָסט פֿערגעסען, אַפָּנִים, אַז דאָס קינד איז אַ יָתוֹם?!

שלאָפֿען שלאָף איך מיט דער מאַמען אין'ם טאַטענס בעט, דאָס איינציגע שטיקעל מעבעל אין שטוב, די קאָלדרע גיט זי אָב כִּמְעַט אינגאַנצען מיר.

— דעק דיך איין, זאָגט זי צו מיר, און ווער אָנשלאָפֿען, מיין טייערער יָתוֹם, עסען איז ניטאָ וואָס...

דעקען דעק איך מיך איין, אָבער שלאָפֿען שלאָף איך ניט; איך חזר מיר דעם קדיש אויף אויסענווייניג. אין חדר געה איך ניט, לערנען לערן איך ניט, דאַוונען דאַוון איך ניט, זינגען זינג איך ניט. פּטור פֿון אַלדינג.

מיר איז גוט — איך בין אַ יָתוֹם.

.II

מַזָל טוֹב! איך קאָן שוין גאַנץ קַדִיש אויף אויסענווייניג. רַבָּנָן קַדִיש אויך, אין שול שטעה איך אויף אַ באַנק און קלאַפּ דעם קַדִיש ווי אַ מַזִיק. אַ קוֹל נְגִינָה האָב איך אויך, בִּירוּשָׁה פון מיין טאַטען, אַיין אֶמֶת'ע סאָפּראַנע. אַלע יונגלעך שטעלען זיך אוים אַרום מיר און זענען מיר מְקַנֵא. ווייבער ווײנען. בַּעֲלֵי־בַּתִּים שענקען מיר אַ קאָפּיקע. יאָסי דעם נָגִיד'ס יונגעל, העניך מיט'ן אויגעל, (ער איז אַ מוֹרָא'דיגער ניט־פערגינער!) אַז עס קומט צו רַבָּנָן קַדִיש, שטעלט ער מיר אַרוים אַ צונג, — ער וויל, ער גערט אוים, ער חַלֶשׁ'ט, איך זאָל מיך צולאַכען. איהם אויף צו לְהַכְעִים וועל איך ניט לאַכען! האָט דערזעהען אַהֲרֹ'ן דער שַׁמָש, האָט ער איהם גענומען פאַר איין אויער און האָט איהם צוגעפיהרט צו דער טהיר. אַ מִצְוָה אויף איהם! מַחֲמַת איך זאָג קַדִיש אין דער פריה און אויף דער נאַכט, געה איך שוין מעהר ניט צו הערש־בער דעם חַזָן און טראָג מיך ניט אום מיט זיין דאָבצין. איך בין פריי. אַ גאַנצען טאָג געפין איך מיך ביים טייך, אָדער איך כאַפּ פיש אָדער איך באָד מיך. כאַפּען פיש האָב איך מיך אויסגעלערנט פון זיך אַליין. אַז איהר ווילט, קאָן איך אייך אויך אויסלערנען. מע טהוט אוים דאָס העמד און מע פערקניפּט דעם אַרבעל און מע געהט פּאַוואָלי בּיז'ן האַלז אין וואַסער. מע דאַרף געהן לאַנג — לאַנג. אַז איהר פיהלט, אַז דאָס העמד איז שווער, איז אַ סִימָן, אַז ס'איז פול, געהט איהר אַרוים וואָס גיכער און טרייסעלט אוים דאָס גאַנצע גראָז מיט דער בלאָטע און קוקט זיך גוט צו. אין גראָז ליגען פערפּלאָנטערט אָפּטמאָל קליינע זשאַבקעלעך, וואַרפט זיי אַריין צוריק אין וואַסער אַריין, ס'אַ צַעַר בַּעֲלֵי חַיִים. אין דער גערינכטער בלאָטע קאָנט איהר אַמאָל געפינען אַ פּיאַווקע. פּיאַווקעס איז געלד, פאַר אַ צעהנדליג פּיאַווקעלעך קאָנט איהר בעקומען דריי גראָשען, אַנדערהאַלבען קאָפּיקעס. עס געהט ניט צו־פוס... קיין פיש זאָלט איהר ניט זוכען. אַמאָל איז געווען פיש אויך, היינט איז נישטאָ. איך יאָג זיך ניט נאָך קיין פיש. איך בין צופריעדען, עס זאָל כאָטש זיין פּיאַווקעס. ניט אַלעמאָל איז דאָ פּיאַווקעס. היינטיגען זומער איז ניט געווען איין פּיאַווקע! פון וואַנען האָט זיך דערוואוסט מיין ברודער אֵלִיָהוּ, אַז איך כאַפּ פיש — ווייס איך ניט. ער האָט מיר שיער ניט אָבגעריסען איין אויער פאַר די פיש, אַ גליק, וואָס פעסי די גראָבע, אונזער שְׁכֵנָה, האָט דערזעהען, איין אייגענע מאַמע דאַרף זיך אַזוי ניט איינשטעלען פאַר איהר קינד.

— אט אזוי שלאגט מען א יתום? מיין ברודער אליהו האט זיך פערשעמט און האט מיר אבגעלאזט דעם אויער. אלע שטעלען זיך איין פאר מיר. מיר איז גוט — איך בין א יתום.

---

# מנשה דעם רופא'ס גארטען.

ערצעהלונג פון שלום עליכם.

## I.

א נו טרעפט, וואו איז דער גן־עדן? מע זאל א שטייגער פרעגען מיך, וואלט איך געזאגט, אז דער גן־עדן — דאס איז מנשה דעם רופא'ס גארטען. זינט איהר לעבט, האט איהר נאך אזא גארטען ניט געזעהן.

וואס פאר א פירות געפינט איהר ניט אין'ם דאזיגען גארטען? עפעל, און בארען, און ווייכשעל, און פלוימען, און קארשען, און אגרעסען, און וויינפערלעך, און פערשקעס, און שפאנקעס, און מארעלען, און מאלינעס, און אשעניצעס, און וואס ניט? וואס דארפט איהר מעהר — אפילו וויינטרויבען ערב ראש־השנה אויף שהחיינו וואו קריגט מען? — ביי איהר, ביי מנשה דעם רופא'ס ווייב, מנשה'כע דער רופא'טע! אמת, די וויינטרויבען, אז מע פערזוכט, דערזעהט מען קרעפקע מיט לעמבערג. אזוי שטארק זויער זענען זיי! פונדעסטוועגען נעהמט זי אב פאר זיי גוטע געלד! פון אלסדינג מאכט זי געלד. אפילו פון די סאנישניקעס. גאט זאל אייך היטען, איהר זאלט ביי איהר בעטען אויסרייסען א סאנישניק! זי וועט אייך ניט געבען! א צאהן זיך אויסרייסען פונ'ם מויל איז ביי איהר גרינגער ווי אויסרייסען א סאנישניק ביי איהר פונ'ם גארטען. היינט ווער רעדט פון איין עפעל, א באר, א ווייכשעל, א פלוים? חיות ניט זיכער! איך בין בעקאנט מיט'ן דאזיגען גארטען ווי א יוד אין אשרי. איך ווייס אפילו וואו איטליכעס ביימעלע געפינט זיך און וואס עס וואקסט אויף דעם און צי ס'איז היינטיגעס יאהר געראטען אדער ניט אזוי געראטען. פון וואנען ווייס איך דאס? שרעקט אייך ניט, איך בין דארטען נאך קיינמאל ניט געוועזען. ווי אזוי האב איך געקענט זיין, אז דער גארטען איז ארומגעצוימט מיט א הויכען פארקען, איבערגעדעקט מיט מורא'דיגע שטעכעלקעס? זעגט איהר שוין

פאַרטיג? איז אינעווייניג דאָ אַ הונד, ניִשט קיין הונד נאָר אַ וואָלף! אויף אַ לאַנגען שטריק שטעהט ער צוגעבונדען — אָט דער דאָזיגער כֶּלֶב שֶׁבִּכְּלָבִים, און אַ נו לאָז נאָר עמיצער דורכגעהן פאַרביי, אָדער לאָז זיך איהם דאַכטען, אַז עמיצער געהט פאַרביי, הויבט ער אָן צו רייסען זיך, שפּרינגען און בילען מיט אַזאַ כַּעַס, גלייך ווי דער רוּחַ כאַפּט איהם אַוועק! פרעגט זיך אַ קַשְׁיָא: ווי צאַלד אַזוי, ווי קום איך אין גאָרטען אַריין? הערט־זשע, וועל איך אייך דערצעהלען.

II.

מענדיל דעם שוֹחֵט'ס קענט איהר, צי ניין? קענט איהר דאָך מענדיל דעם שוֹחֵט'ס דִירָה אַוַדַאי ניט. זי איז די אַנדערע פון מְנַשֶׁה דעם רוֹפֵא'ס און קוקט גלייך צו איהם אין גאָרטען אַריין. ביי מענדיל דעם שוֹחֵט, אַז מען זיצט אויפ'ן דאַך, קאָן מען זעהען אַלסדינג, וואָס ביי מְנַשֶׁה דעם רוֹפֵא אין גאָרטען טהוט זיך. די גאַנצע קונץ איז, ווי אַזוי קלעטערט מען אַרויף צו מענדיל דעם שוֹחֵט'ס אויפ'ן דאַך? מיר איז דאָס גאָרנישט. ווייסט איהר פאַרוואָס? ווייל מענדיל דעם שוֹחֵט'ס דִירָה איז "די אַנדערע פון אונז און איז אַ סַך נידריגער פון אונזער דִירָה. אַז מען דראַפּעט זיך אַרויף צו אונז אויפ'ן בוידעם און שטעלט איהר אַרויס אַ פוס פונ'ם קליינעם פענסטער'ל, אַזוי זענט איהר שוין ביי מענדיל דעם שוֹחֵט'ס אויפ'ן דאַך. דאָרטען לעגט איהר זיך אַוועק ווי אַזוי איהר ווילט: אָדער מיט'ן פָּנִים אַרויף אָדער מיט'ן פָּנִים אַראָב. יעדענפאַלס לעגען זיך מוזט איהר, אַניט קען מען אייך חָלִילָה דערזעהען: — וואָס טהוט איהר ביי מענדיל דעם שוֹחֵט'ס אויפ'ן דאַך? איך האָב אויסגעקליבען תָּמִיד אַ צייט פאַרנאַכטליך, צווישען מִנְחָה און מַעֲרִיב, ווען איך בין געגאַנגען אין שוהל אַריין קַדִּיש זאָגען. דעמאָלט איז ניט טאָג און ניט נאַכט, די בעסטע צייט. פון דאָרטען אַראָבגעקוקט אין גאָרטען אַריין, שווער איך אייך, אַז ס'איז אַ גַן־עֵדֶן שֶׁבְּגַן־עֵדֶן!...

אַז דער זומער הויבט זיך אָן און די בוימער הויבען אָן צו בליהען, זיך בעדעקען מיט ווייסע פעדערלעך, קאָנט איהר האָפען, אַז ניט היינט איז מאָרגען וועלען זיך בעווייזען אין די קורצע שטעכעלדיגע בוימעלעך גרינע אַגרעסען. דאָס איז די ערשטע פְּרִי, וואָס עס גלוסט זיך אייך פערזוכען. פאַרהאַן מענשען, וואָס וואַרטען ביז די אַגרעסען ווערען רויט. נאַראָנים! איך זאָל האָבען די בְּרָכוֹת, וואָס גרינערהייד זענען זיי

אַ סך מעהר בע'טע'ם'ט און געשמאַק. איהר וועט זאָגען, זיי זענען זויער? עס ווערט פון זיי הייליג די ציינען? נו וואָס-זשע איז? אַ זויערס קוויקט דאָס הארץ און צו הייליגע ציינען איז דאָ אַ סגולה: זאַלץ. מע שיט אַרויף זאַלץ אויף די ציינען און מען האַלט אָפען דאָס מויל אַקעגען אַ האַלבע שעה, קען מען נאָכדעם עסען ווידער אַמאָל דיזעלבע אַגרעסען. נאָך די אַגרעסען קומען אויף די ווײַנפּערלעך. רויטינקע, מיט שוואַרצע פּיסקעלעך, מיט געלע קערעלעך, און צעהנדליגער-צעהנדליגער אויף איין צווייגעלע, איין צווייגעלע אַז איהר פיהרט דורך צווישען די ליפּען, בעקומט איהר אַ פולע מויל מיט ווײַנפּערלעך, ווײַניגע, שמעקענדיגע, מחיה נפשות! אַז זיי קומען אויף, קויפט מיר די מאַמע פאַר אַ גראָשען אַ קווערטעלע ווײַנפּערלעך אויף שהחיינו — עס איך זיי מיט ברויט. ביי מנשה'כע די רופא'טע אין גאָרטען זענען דאָ צוויי רייהען קליינע בוימעלעך, האַרט ביי דער ערד, אָנגעזעצט מיט ווײַנפּערלעך. אויף דער זון ברענען זיי און פינקלען אָב, און עס גלוסט זיך חאַטש איין צווייגעלע, חאַטש איין ווײַנפּערעל מיט צוויי פינגער געבען אַ ריס אָב און גלייך אין מויל אַריין! איהר וועט זיך גלויבען? אַז איך רעד פון גרינע אַגרעסען מיט רויטע ווײַנפּערלעך, ווערט מיר שוין הייליג די ציינען, לאָמיר בעסער רעדען פון ווײַנשעל. ווײַנשעל האַלטען זיך ניט לאַנג גרין. ווײַנשעל ווערען גיך פאַרטיג, איך קען אייך שווערען ביי וואָס איהר ווילט, אַז איך אַליין האָב בעמערקט, ליגענדיג ביי מענדיל דעם שוחט'ס אויפ'ן דאַך, עטליכע ווײַנשעלעך זענען אין דער-פריה געוועזען גרין אַזוי ווי גראָז. איך האָב זיי גוט בעמערקט, געמאַכט אויף זיי אַ סימן. ביי טאָג האָבען זיי פון דער זון בעקומען רויטע בעקעלעך. דעם-זעלבען טאָג פאַרנאַכט זענען זיי שוין געוועזען רויט ווי פייער! ווײַנשעל פלעגט מיר אויך די מאַמע ברייגען אויף שהחיינו. אָבער וויפיעל ווײַנשעל? פינף שטיק אויף אַ פאָדעם. וואָס טהוט מען מיט פינף ווײַנשעל? מען שפּיעלט זיך מיט זיי אַזוי לאַנג, ביז מען ווייסט ניט, וואו זיי זענען אַהינגעקומען...

## III.

וויפיעל שטערן אין הימעל — אַזוי פיעל ווײַנשעל ביי מנשה דעם רופא אין גאָרטען. איהר קאָנט פערשטעהן, אַז איך בין אַ בעלן געוועזען אויף איין צווייגעלע איבערצעהלען די ווײַנשעל. האָב איך געצעהלט, און ניט געקאָנט איבערצעהלען!... ווײַנשעל האָבען אַ טבע,

זיי האלטען זיך שטארק אויף די ריטלעך. זעלטען־זעלטען ווען עס פאלט אראב א ווײַנשעל אויף דער ערד, ער מוז שוין זײַן איבערצײַטיג, שווארץ אזוי ווי א פלוים. זעהט איהר, פערשקעס — די פאלען אב, ווייבאלד נאר זיי ווערען רעכט געל. אך, פערשקעס! פערשקעס! איך האב זיי ליעב מעהר פון אלע פירות. א גאנצער בוים מיט פערשקעס שטעהט און איך ליעג ביי מענדיל דעם שוחט'ס אויפ'ן דאך און קוק און קוק און זעה, ווי עס פאלט א פערשקע נאך א פערשקע. אײנע א געלע, אזש א רויטליכע, האט זיך פערשפאלטען און געשפענט. עס זעהט זיך ארויס פון איהר דאס ביינדיגע קערעל. וואס וועט זי טאן, די רופא'טע, מיט אזוי פיעל פערשקעס? זי וועט זיי אבטרייסלען מן ההתם און וועט פרעגלען פון זיי אײַנגעמאכטס. דעם אײַנגעמאכטס וועט זי פערדוקען ווייט אין די הרובע. ווינטער וועט זי איהם אוועקשטעלען אין קעלער אריין און דארטען וועט ער שטעהן אזוי לאנג, ביז עס וועט ווערען געצוקערט און האפען א שימעל.

נאך די פערשקעס קומען אויף פלוימען. ניט אלע פלוימען מיט אמאל. איך האב צוויי סארטען פלוימען ביי מנשה דעם רופא אין גארטען. איין בוים האב איך מיט „טשערקינעס"! דאס איז א מין קײַלעכיגע, זיסע, הארטע, שווארצע פלוים. דער אנדערער בוים איז א בוים פון פראסטע פלוימען. דאס איז א מין פלוים, וואס מען רופט זיי „עמערפלוימען". מען פערקויפט זיי אויפ'ן עמער. זיי האבען א דינן הײַטעל, זענען גליטשיג און קלעפעדיג און וואסעריג אויפ'ן טעם. פונדעסטוועגען זענען זיי ניט אזוי שלעכט, ווי איהר מיינט. הלואי וואלט מען זיי נאר וועלען געבען. מנשה'כע די רופא'טע איז אבער ניט פון די איבריגע געבערקעס. זי מאכט בעסער פון די פלוימען פאווידלע אויפ'ן ווינטער. ווען וועט זי אויפעסען אזוי פיעל פאווידלע?

## IV.

אראבגע'פטר'ט די ווײַנשעל מיט די פערשקעס מיט די פלוימען, הויבט זיך אן פאר מיר א סדרה עפעל. עפעל, דארפט איהר וויסען, איז ניט קיין בארען. בארען, זיי מעגען זײַן די בעסטע בארען אין דער וועלט, ווייבאלד זיי זענען ניט רעכט פארטיג, קאנט איהר מיט זיי גארניט מאכען. געהט קײַט האלץ! עפעל מעגען זײַן ווי גרין, די קערעלעך מעגען זײַן ווי ווײַס, האבען זיי שוין א טעם פון עפעל. איהר שטעקט אריין די צייהן אין א גרינעם עפעל, ווערט אײַך זויער אין מויל, ווייסט

איהר, וואָס איך וועל אייך זאָגען? איך וועל אייך ניט אָוועקגעבען קיין האַלבען גרינעם עפּעל פאַר צוויי צייטיגע. אויף צייטיגע דאַרף מען וואַרטען ביז העט־העט, און גרינע עפּעל קאָנט איהר האָבען תּיכּף, נאָכדעם ווי דאָס בוימעלע האָט אָבגעבליהט. עס ווענדט זיך נאָר אין דער גרויס. וואָס ווייטער איין עפּעל וואַקסט, ווערט ער גרעסער! ווי לְהַבְדִיל אַ מענש... עס איז ניט קיין רְאָיָה, אַז אַ גרויסער עפּעל דאַרף זיין גוט. אַמאָל מאַכט זיך, אַ קליין עפּעלע זאָל זיין בעסער פון'ם גרעסטען עפּעל. לְמָשָׁל, נעהמט „אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל־עפּעלעך”. זיי זענען ווייניג, אָבער געשמאַק. צי אַ שטייגער קיסליצעס, אָדער קוואַסעפּעלעך, וואָס געהט זיי אָב? היינטיגען זומער איז אויף זיי אַ מוֹרָא'דיג גערעטע־ניש, עס וועט זיין אַזוי פיעל, אַז מען וועט זיי פיהרען מיט וועגען. אַזוי האָב איך געהערט פון מְנַשֶׁה'כע דער רוֹפֵא'טעס מויל.

V.

הערט איהר? נאָך אַזאַ צָרָה ווי די רוֹפֵא'טע האָט איהר ניט גע־זעהען. לאָז פאַראָבּפאַלען איין עפּעלע אַ ווערעמדיגם, איין איינגעדאַרטס, איין איינגעקנייטשט, ווי ביי אַן אַלטער באָבעצי דאָס פָּנִים, וועט זי זיך ניט פוילען זיך אָנבויגען, אויפהויבען, אַריינלעגען אין פאַרטוך אַריין און אַוועקטראָגען. וואוהין טראָגט זי זיי? אַ פָּנִים, אויפ'ן בוידעם, און אֶפְשַׁר אין קעלער, עס ווייזט אויס, אַז אין קעלער. מַחֲמַת איך האָב געהערט דערצעהלען, אַז פאַראַיאָהרען איז ביי איהר פערפוילט געוואָרען אַ קעלער מיט עפּעל. איז ניט אַ מִצְוָה, מען זאָל ביי איהר ריי־סען עפּעל? יאָ, אָבער ווי אַזוי רייכט מען זיי? אַריינחאַפּען זיך אין גאָרטען ביי דער נאַכט, ווען אַלע שלאָפען, און אָנשטופּען פולע קעשע־נעס, וואָלט אַוַדְאי געווען אַ שֵׂכֶל. וואָס־זשע וועט אָבער זאָגען דער כֶּלֶב? און ווי אויף צו לְהַכְעִיס וואַקסען היינטיגען זומער עפּעל איינס אין איינס. זיי בעטען זיך, ווי חַלֶשׁ'ן, מען זאָל אָברייסען! וואָס טהוט מען? ס'זאָל זיין אַזאַ שפּרוך, אַ מִין כִּשׁוּף, די עפּעל זאָלען געהן צו מיר!... איך קלער אַזוי לאַנג, ביז איך דערקלער. ניט קיין שפּרוך און ניט קיין כִּשׁוּף, נאָר איין אַנדער זאַך. אַ שטעקען, אַ לאַנגען שטעקען מיט אַ צוואָק ביים שפּיץ. מיט דעם שטעקען, אַבי איהר טרעפט נאָר מיט'ן צוואָק ביים הענגערל פון'ם עפּעל און טהוט אַ ציה צו זיך — איז דער עפּעל אייערער. דער עִיקָר איז, מע זאָל זיך ניט האַפּען. וואָס האָט איהר קיין צייט ניט? איהר האָט דערטאַפּט

אײן עפעל? עסט איהם אויף שטילערהייד, רוהט זיך אב א ביסעל און רײסט װײטער. איך בין אײך ערב, אז קײן פױגעל װעט ניט װיסען!

געהט זײט א נביא, אז די מכשפה װעט גאר װיסען דעם חשבון פון די עפעל נאך אויפ'ן בוים! אפנים, זי האט זײ איבערגעצעהלט בײטאג און האט זיך געחאפט אויף מארגען, אז עס פעהלען איהר עטליכע שטיק. האט זי זיך בעהאלטען בײ זיך אויפ'ן בוידעם און גענומען אונטערקוקען זיך, טאמער װעט איהר געראטען חאפען דעם גנב. אזױ דענק איך, מחמת פון װאנען דען האט זי געקאנט דערװיסען זיך, אז איך ליעג בײ מענדיל דעם שוחט'ס אויפ'ן דאך און ארבײט מיט'ן שטעקען? נעהײ װאלט זי מיך חאטש געחאפט אלײן אהן עדות, װאלט איך מיך געקאנט אבבעטען בײ איהר. פארט א יתום — טאמער װעט זי האבען אויף מיר רחמנות? איז זי זיך אבער מישב און געהט אװעק צו מײן מאמע'ן און צו אונזער שכנה פעסי און צו דער שוחט'קע און נעהמט זײ אלע דרײ מיט זיך און קלעטערט מיט זײ ארויף צו אונז אויפ'ן בוידעם (א מכשפה קען!). פונ'ם בוידעם איז זײ שוין געװעזען ניט שװער צו זעהען דורכ'ן פענסטערל, װי אזױ איך ארבײט מיט'ן שטעקען.

— נו? װאס זאגט איהר אויף אײער תכשיט? אצינד גלױבט איהר שוין?

די װערטער האבען געהערט צו דער רופא'טע. איך האב דערקענט איהר מאנסבילשע שטימע. איך האב אויסגעדרעהט דעם קאפ צום בוידעם און האב דערזעהען אלע פיער װײבער. איך האב דעם שטעקען מיט'ן עפעל ניט אװעקגעװארפען. זײ זענען אלײן ארויסגעפאלען. א גליק װאס איך אלײן האב מיך געהאלטען אויף די פיס. איך האב ניט געקאנט קוקען קײנעם אין די אויגען אריין. דער הונד זאל ניט ליעגען אין גארטען, װאלט איך זיך ארובגעװארפען און דער'הרג'עט פאר בזיון. ערגער פון אלץ איז מיר געװעזען דער מאמע'ס טרעהרען. זי האט ניט אויפגעהערט צו קלאגען און צו יאמערן און צו בעװײנען מיך:

— װעה איז מיר! װינד איז מיר! צו װאס איך האב מיך דערלעבט! איך האב געמײנט, אז מײן יתום געהט אין שוהל ארײן זאגען קדיש נאכ'ן טאטען, צום סוף ליעגט ער גאר אויף א בוידעם, א דונער אז מיר, און רײסט עפעל פון א פרעמדען גארטען!...

— איך פרעג דיך נאר, װאס װעט פון דיר זײן? — פרעגט מיך די מאמע מיט טרעהרען, װען מיר זענען שוין געװעזען אין דערהײם, און שטעלט מיר צו א בענקעלע פאר מײן ברודער אליהו. מײן ברודער אליהו הערט אויס די מעשה מיט די עפעל און װערט בלאס,

אַפָּנִים, פּאַר כַּעַס. די מאַמע דערזעהט, אַז ער איז אויסער זיך, האָט זי מוֹרָא, ער זאָל מיך ניט שלאָגען. רוימט זי איהם איין אַ סוֹד, ער זאָל מיך ניט שלאָגען, וואָרום איך בין אַ יָתוֹם.

— ווער טשעפּעט איהם? — זאָגט מיין ברודער אֵלִיָהוּ. — איך בין נאָר אַ בַּעַלָן צו וויסען, וואָס וועט זיין פון איהם? וואָס וועט זיין פון איהם?!!

אַזוי זאָגט מיין ברודער אֵלִיָהוּ און קריצט מיט די צייהן און קוקט אויף מיר, איך זאָל איהם זאָגען, וואָס וועט זיין פון מיר? איך וויים, וואָס וועט זיין פון מיר? אֶפְשָׁר ווייסט איהר, וואָס וועט זיין פון מיר?





# הֶערְשֶׁעלֶע.

פֿון מענדעלע מוכר-ספרים.

## I.

אין שטוב איז הערשעלע געווען ווי א שטארק אנגעבלאזען פּאחידיל, זיך איינגעהאלטען, קיין פּארע זאל מען פון איהם נישט הערען. אקעגען-זשע, אבער אין דרויסען, האט דאס פּאחידיל געלאפּעט און ס'איז ארויס פריי אלכדינג, וואס אינעווייניג אין איהם האט זיך געשטיקט. דארט איז ער געווען א פייער, א שפּירט, איין קונדס אין דער וועלט. ער האט זיך איבערגעשלאגען מיט אלע יונגלעך און ארויסגעוויזען זיין גרויס בריה'שאפט. אין שטיינער ווארפען, חאפּען א ציג פאר די הערנער און זעצען זיך אויף איהר רייטענדיג, אננעהמען פלוצים דעם קהל'שען צאפּ פאר דער באָרד און אויסרייסען איהם א פולען הויפען האר, שטעכען חתן-כלה אונטער דער חופה מיט שפּילקעס, נאכלויפען א משוגע'נעם אויף דער גאס, אונטערהאפּען זיך הינטער א וואגען, בשעת פאהרענדיג געשווינד, — דערצו איז ער געווען איין בריה טאקי. ווייסע-חברה האט דעריבער פון איהם שטארק געהאלטען און איהם מכבד געווען מיט כּהן אין אלע קונדייסקע זאכען. אין די מלחמות צווישען די קונדיסים, איז ער געווען דער גענעראל, מיט עפּים א פאפּירען שארמיצעל פון א בשמים-קרעמיל אויפ'ן קאפּ, ארומגעשטעקט מיט פעדערן. די גבורה און דאס גאנצע גרויסקייט זיינס איז בעשטאנען אין דעם, וואס ער האט געהייסען איטליכען מקיים פּסק זיין, גלאט אזוי-זיך פון זיין כבוד וועגען, און אז דער גענעראל,

הערשעלע לייזער־יענקילס, האָט בעפוילען — איז מחויב געווען איטליכער, פון דעם קלענסטען ביז דעם עלטסטען, באַלד צו פאָלגען. בשעת פריע־דען, נישט קיין מלחמה־צייט, פלעגט אונזער הערשעלע מיט דעם גאַנצען פעקיל יונגלעך זיך אָבגעבען מיט אנדערע געשעפטען, און גע־שעפטען, זענען געווען זעהר פיעל, ברוך־השם, אין איטליכער צייט.

זומער ביי טאָג פלעגט ער פיהרען ווייסע חברה באָדען זיך אין טייך, וואו שטאָדט־חזירים זענען געלעגען איינגעזונקען טיעף ביז איבער די אויערן, אַרויסשטעקענדיג נאָר דאָס פיסקעל. דער גאַנג אַהין איז געווען לעבעדיג־רעש׳יג, טאַקי ווי מען זאָגט, בעגראַנדע, נישט אויס־געלאָזען איין זאַך אויפ׳ן וועג, מען זאָל עס נישט בעריהרען, יונגע געזולעך צולויפען זיך, אונטערפליהענדיג אַ ביסעל מיט די קליינע פלי־געלעך; דער גאַנער סאַמעט, סמאַרעט מיט די נעזלעכער, אויסקרי־מענדיג דעם האַלז ווי אַ שלשלת. דאָס קעלביל דאָרט איז זיך מטריח אויפצושטעהן פונ׳ם גראָז, שטעלט אויס אַ פאָר אויגען, רוקט זיך אויף עטליכע טריט אָב, וואַרפענדיג מיט׳ן קאָפּ און אָנבויגענדיג דעם שטערען צו דער ערד, פערדרייסט דערנאָך דעם וויידעל און אַוועק, אַוועק... חברה שפּיליעט זיך אָב, קנעפּעלט זיך אָב, נאָך געהענדיג, אין איילעניש, אַזוי, אַז צוקומענדיג צום ברעג טייך, פאַלט פון איטלי־כען דאָס אָנטהון פלוצים אַראָב — און פוץ איז וואַסער אַריין, בול־בול־בול! —

II.

צווישען מנחה און מעריב איז ווייסע חברה זיך צונויפגעקומען אויפ׳ן יריד אין בית־מדרש, אין פאָלעש דאָרט, איטליכער מיט זיין מין סחורה און מען האָט געהאַנדעלט געשמאַק. איינער בייט אַ קרו־מען, אַלטען טשוואָק אויף אַ מעשענעם קנאָפּ אָהן אַ אויערל. דער אַנדערער טהוט אַ וויי אַ ניסעל, אַ סווישטש, און עס געפינען זיך דע־רויף צוויי שטאַרקע קונים. יענער מיט אַ גרינער פאַטשערקע איז פער־טיעפט אין עסק מיט דעם חבר, וואָס בעריהמט זיך מיט זיין נאָדעל־טעשיל און אַ ציינערן אויער־לעפעלע. הערשעלע אונזערער איז דאָס גע־ווען דער שאַצער און געהאַפּט פון אויבען פאַר זיין מיה. געוועהנטליך, לאָזט זיך דער יריד אויס מיט אַ קריעג: קיינער איז נישט צופריעדען, איטליכער טענה׳ט, ער האָט זיך מיאוס אָבגענאַרט. עס האַלט שוין ביים פאַטשען זיך; עפּיס אַ קונדס, מיט אַ פריש געזונטן־געראָגעלע

טרומייטערט=צו, אַ טאַראַראַם, אַ געפּילדער, ביז דער שמש לויפט אין איין כּעס אַרויס מיט אַ היק: שקצים! און חברה צולויפט זיך, ווי די מייז, איטליכער אין זיין ווינקעלע.

חנוכּה=צייט האָט געפּלאַקערט דאָס געשעפט מיט דריידלעך, פּורים — מיט מאַטעריאַל אויף המן=קלעפּלעך, שבועות=צייט — מיט אויסגעבלאָזענע אייער, צו מאַכען פייגעלעך. הכּלל, איטליכער יום=טוב מיט זיין מין סחורה... צייט אויף צו האַנדלען איז, ברוך=השם, געווען גענוג, ווייל דער מלמד פון דער תּלמוד=תּורה, וואו אונזער הערשעלע האָט געלערענט, איז אַליין געווען שטענדיג פערנומען מיט זעהר פיעל געשעפטען, אָהן עין=הרע. ער איז געווען אַ שטיקעל שדכן. פול געווען אויף אַלע חתונות, בּרית'ן און לויות. אויף הערשעלען פלעגט ער זאָגען: הערשעלע איז אַ גרויסער קונדס, אָבער אַ וואויל יונגעל מיט אַ גוט קעפּיל. די מאַמע פלעגט, הערענדיג אַזוינס, פאַר נחת זיך שמייכלען. דער טאַטע=ושע אַקעגען, אויסהערענדיג אויף איהם מסירות, ווי ער איז פערשייט, פלעגט איהם מכבּד זיין מיט אַ פּאָר פעטשליך און איהם לאָזען געהן זיין וועג.





# די מוטער צום קינד.

א ליעד פון אַבְרָהָם רייזען.

שלאָף נאָך, שלאָף נאָך, ליעבעס קינד,
דרויסען איז אַ פראָסט, אַ ווינד!
גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען,
גאָט זאָל אונז דערוואַרעמען.

אָ, דער ווינטער שרעקט מיך, שרעקט—
ליעג, מיין קינד, נאָך איינגעדעקט—
שלאָף נאָך, אָרים פייגעלע,
עפען ניט דיין אייגעלע.

ווּעסט דערזעהן אַ קאַלטע וועלט—
דורך אין ווייסען אָבגעמעלט.
האָלץ אין שטוב קיין שייטעלע
און קיין געלד אין בייטעלע.

ניט געקאָכט און ניט געהייצט
קעלט און הונגער דריקט און רייצט;
שלאָף, מיין קינד, פערפראָרענע,
אָרימע, פערלאָרענע!...

# הערשעלע ווערט א דאקטאר.

ערצעהלונג פון מענדעלי מוכר ספרים.

## I.

ויהי היום, און ס'איז געווען א מאל, איז אין קאבצאנסק א גרויס וואונדער געשעהן. פלוצים, מען ווייסט נישט, ווי און וואו ארום, איז פון ערגיץ א דאקטאר מיט א מאל אנגעקומען, עפים אזוי ווי פון'ם הימעל אראבגעפאלען. יודען בכלל, אז דערהערען נאר א דאקטאר, רופט זיך זיי אלע קראנקהייטען אב און דערפיהלען איטליכער זיינע וועהטאגען. נישט געווען איין יוד א גאנצער, אהן א חסרון. יונג און אלט זענען צום דאקטאר געלאפען אויסלייטען און פערריכטען א ביסעל דאס געזונד. גאט דער לעבעדיגער ווייסט, מיט וואס עס וואלט זיך אויסגעלאזט, ווען דער דאקטאר זאל נישט געווען אזוי פלוצים, ווי ער האט זיך בעוויזען, אזוי פלוצים אויך פערשווינדען. יודען פערגעסען זיך ווידער די וועהטאגען, הערען זיך נישט צו, שלעפען זיך ארום, כל-זמן עס דינען זיי די פיס, און לעבען, ווי דער שטייגער איז, מיט דעם אימפעט... ירחמיאל דער רופא קריכט ווידער ארוים, ווי די לבנה נאכדעם אז די זון פערגעהט, ארבייט אויף אלע כלים און יודען — שטארבען מיט חסד...

הערשעלע'ן אבער איז דער דאקטאר פון'ם זינען נישט ארויסגעגאנגען. די גאנצע מעשה איז איהם זעהר געפעלען. עס גלוסט זיך איהם ווערען א דאקטאר, איהם נאכצוטהון און צו מאכען, ווי ער, די גאנצע שפיעל מיט דער ווייבער חברה. קינדער האבען, ווי די מאלפעס, ליעב נאכצוטהון די גרויסע אין אלע זאכען. ווי זאגט מען עפים: קינדער קייען, וואס אלטע שפייען. ווייסע חברה קריגען למזל אונזער הערשעלע'ן פאר א דאקטאר און די שפיעל הויבט זיך אין א גוטער שעה אן. הערשעלע ווערט צוליעב זיך, צוליעב זיין כבוד, א גוטער און זארגט זיך קלאמפערשט פאר זיינע חברים'ס געזונד, ווינשענדיג דערביי טאקי פון'ם גאנצען הארצען, אז זיי זאלען בעדארפען צו זיין הילף אנקומען...

## II.

פרייטאג איינמאל אין דער פריה, אז דער מאמען איז מיט צרות און מיט וועהטאגען אנגעקומען צו נעהמען אין קלייטעל אויף בארג פעפער, ציממערינג און מעהל אויף שבת, לקח׳ענט אונזער הערשעלע שטילערהייד אראב צו ביסלעך פון די דאזיגע זאכען און אוועק שאקיטש אהין, אויפ׳ן פרייען גראז, אויפ׳ן לעדיגען פלאץ הינטער דער שטוב. ער זיצט זיך דארט נעבען פלויט, פאר איהם שטעהט א קליין פאפירען קעסטעלע, אין קעסטעלע געפינען זיך עטליכע קליינע פלעשעלעך, און בשעת די מאמע פארעט זיך אין שטוב דארט, ברעכט, נעבעך, זיך דעם קאפ, ווי ס׳איז פונ׳ם ביסעל מאטעריאלען עפים צו מאכען, פארעט זיך אויך איהר זוהנדיל דא מיט דעם אראבגעלקח׳ענטען פעפער, ציממערינג, מעהל און שאר ירקות, צו מאכען דערפון רפואות, וועסערלעך, טראפענס אין די פלעשעלעך. פארטיג מיט די רפואות, טראכט ער ביי זיך: אצינד וואו נעהמט מען עפים א קראנקען, טאקי מיט א גוטער אמת׳ער מכה, צו בעווייזען די גרויסע קונץ אין דאקטאריע? און ווי ער זיצט זיך אזוי און טראכט, דערזעהט ער פון דערווייטענס, ווי משה־יאסי, א פארוואהרלאזטער יתום, א נאקעטער, א בארפיסער, פאהרט אויף א שטעקען רייטענדיג און ארבייט, נעבעך, פאר אלע גאר א שרעק: פאר דעם פוהרמאן, אויך פאר דעם פערדיל און אויך פאר דעם וואגען. ער שמייסט דעם שטעקען, אנטרייבענדיג איהם מיט א געשריי: וויא, וויא! ער הויבט פיסלעך, פוצט אוים דאס בייכעל, פערווארפענדיג אהינטער דאס קעפיל, הירושעט ווי א פערד, שפרינגט האפ־האפ און לויפט גאלאפ; ער יאגט לעבעדיג, פייפענדיג גלייך צו הערשעלען און, צוקומענדיג נאהענט, טהוט ער א הירושע, דערנאך א געשריי: טפררר! און שפרינגט אראב פונ׳ם שטעקען.

אונזער הערשעלע פאלט אויף א המציאה ביי משה־יאסי׳ס אנקומען און נישט לאנג געטראכט, מאכט ער צו איהם אויף קונדס־לשון אזוי:

— סויסע־סאסי, משה־יאסי, סו־סילסט, דו ווילסט, סאן־סראנק, זיין קראנק?

— סיין, ניין! — ענטפערט משה־יאסי אב, אויך אויף דעם אייגענעם לשון טאקי, סאל סאט, זאל גאט, סיטען, היטען.

— זאָג יאָ, נאַרעלע. טאַקי גאָר אָהן קאַטאָוועס. געווג דײַטש! מאַכט העָרשעלע, לאָמיר רײדען פּראָסט יודיש, זאָג־זשע יאָ, נאַרעלע. וואָס קען דיך עס אַרען? דו זײַ קראַנק און איך וועל דיר געבען רפואות... נו, דו ווילסט?

— איך וויל, הערשעלע, איך וויל בעסער עסען.

— עסען?... עסען, משה־יאָסילע, האָב איך נישט, נאָר צוזאָגען אויף שפּעטער אַמאָל, יאָ, זאָג איך צו. נאַ דיר מײַן האַנד תּקיעת־כּף. נו, ווערסט דו שוין זײַן קראַנק, נאַרעלע?

— איך בין דאָך אָבער געזונד, הערשעלע.

— נישקשה, נאַרעלע, איך וועל דיך מאַכען קראַנק. איך וועל דיר טהון אַ דראַפּעלע, אַ קלײַן דראַפּעלע אונטען אויפ׳ן פּוס. ועהסט דו, אָט מיט דעם טשוואָק.

אַזוי רעדט הערשעלע אײַן דעם חבֿר און נעהמט פון דער פליהדערען־קעשענע אַרויס אַ פערזשאַווערטען טשוואָק.

— עס וועט דאָך אָבער וועה טהון, הערשעלע!

— גאָר אַ קלײַן דראַפּעלע, משה־יאָסינאַ, ווי איך בין אַ יוד! עס וועט וועה טהון אַ ווײַלע און באַלד טאַקי אויפהערען. איך וועל דאָך דיך הײלען, איך מײַן דאָך דײַן טובֿה. וואָס דען? דײַן טובֿה, נאַרעלע, מײַן איך דאָך... און דו ווילסט עס נישט פערשטעהן.

— גיב־זשע מיר, אויב יאָ אַזוי, באַלד טאַקי עסען. אוי, בין איך הונגעריג, הערשעלע!

— אַ גראַם אַ ביסעל! מאַכט הערשעלע, אָנ׳ברוגז׳עדיג זיך קלאָמפּערשט, געה דיר, געה! איך וויל איהם הײלען, טהון אַ טובֿה, און ער עסען! פרעסען!...

## III.

אויף דעם דאָזיגען שמועס קומען אָן עטליכע ווײַסע חבֿרה׳ניקעס, זײַ קוועלען גאָר אָן פון הערשעלעס אַפּטײַקעל און פון דעם אײַנפאַל זײַנעס. נעהמען זיך שטאַרק צו משה־יאָסי׳ן, אײַנצושמועסען איהם מיט גוטע רעד:

משה־יאָסינאַ, דו נאַרעלע אײַנער! אַבי מען מאַכט דיך נאָר קראַנק, וועט מען דיר דערנאָך, נישקשה, שוין אונטערדוקען עפּיס קײַען. דו פערשטעהסט?...

איטליכער גיט איהם די האַנד תּקיעת־כּף, איבערשלאָגענדיג

מיט אַ צִיצָה. משֶׁה־יאָסי קוקט איבער די צִיצָה, אויב זי איז נישט, חָלִילָה, קיין פָּסוּל׳דיגע, און אַז ער זעהט, אַז זי איז כָּשֵׁר, די אַלע אַכט פעדים מיט די פיער קניפּעלך זענען ווי געהעריג איז, רופט ער זיך אָן אויפשטעלענדיג אַ פינגער נעבען דער נאָז, מיט אַ הַתְרָאָה:

— געדענקט־זשע, קינדער! אויב נישט, וועט אייך גאָט שטראָפען. זאָגט: אָמֵן!

משֶׁה־יאָסי שטרעקט אויס, אין אַ גוטער שָׁעָה, דעם פוס, די יונגלעך האַלטען איהם גוט אין ביידע זייטען און הערשעלע נעהמט זיך צו דער פּיאַטע זיינער מיט דעם טשוואָק. פריהער מאַכט ער איהם פּאַמעליך אַ קליין דראַפּעלע, משֶׁה־יאָסי פערבייסט די ליפּען און שווייגט; דערנאָך געהט ער איהם אַריין אַ ביסעל טיעפער מיט׳ן טשוואָק, משֶׁה־יאָסי מאַכט: אַי־אַי־אַי! — חֶבְרָה טרייסט איהם: נישקשֶׁה, לאָז זיך, נאַרעלע, לאָז! מען וויל דאָך דיר געבען אַ רְפוּאָה... עס רינט בלוט, משֶׁה־יאָסי רייסט זיך פון די יונגלעכס הענד און שרייט: געוואַלד!

— שאַ, שאַ, כוּסעמאַסי, משֶׁה־יאָסי! — נעהמט איהם אונזער הערשעלע איין אויף קונדס־דייטש מיט אַ פרעהליך האַרץ. סי סאַקע, די מַכָּה דיר, האָב איך שוין געמאַכט. אַצינד בעקומסט דו פון מיר פרועה, אַ רְפוּאָה.

הערשעלע נעהמט אַ פלעשעלע און גיסט זיינע טראָפּענס אויף משֶׁה־יאָסי׳ס פרישער וואונד. ער פערקרימט זיך, נעבעך, אַ שרעק, שרייט: „עס ברענט, געוואַלד, עס ברענט!“ נישט מיט זיין קוֹל.

משֶׁה־יאָסי האָט טאַקי געהאַט רעכט, געוואוסט, נעבעך, וואָס ער שרייט. די טראָפּענס זענען געוועזען צו שטאַרק פעפערדיג און געברענט ווי פייער דאָס רויע פלייש איהם אין דער בלוטיגער מַכָּה. ער האָט געצאַפּעלט, געקרעכצט און זיך פערגאַנגען וויינענדיג פאַר גרויס וועהטאָג.

די קונדסים האָבען געחאַפּט אַ ציטער און זיך צולאָפען. הערשעלע איז אויך אַנטלאָפען אַ ביסעל אין דער זייט און זיך געשטעלט קוקען פון דאָרט אויף זיין חוֹלֶה. אַ היבשע צייט האָט ער, נעבעך, זיך געוואַלגערט אויף דער ערד, שרייענדיג אַלץ אין איין קוֹל: עס ברענט, ברענט! דערנאָך איז ער ווי־ס׳איז אויפגעשטאַנען און האָט מיט אַ יאָמער, אַ קלאָג זיך געלאָזט געהן זיין וועג, הינקענדיג שטאַרק אויף דעם רעכטען פוס. געקומען איז ער געזונד און אַוועקגעגאַנגען קראַנק. ער איז געקומען הונגעריג, נאָר לעבעדיג, פרעהליך, הֲנָאָה האָבענדיג פון דער ליכטיגער וועלט, פונ׳ם שענעם פריהמאָרגען — און האָט, פאַר גרויס גוטסקייט צו איהם, בעקומען אַ מַכָּה!...

משה־יאָסי איז אַוועקגעלעגען אַ היבשע צייט מיט אַ פּוס געשוואָלען ווי אַ באַרג און אויסגעקרעכצט די טובה הערשעלע׳ס. אַז די דאָזיגע מעשה איז אָנגעקומען צום טאַטען, האָט ער איהם גוט מכבד געווען, אַז ער זאָל געדענקען און ווי אַ טאַטע דעם זוהן געזאָגט מוסר אַזוי:

— שקאָץ איינער! טובות ווילסטו טאָן? מאַך בעסער יענעם נישט קראַנק און פּערשפּאַר, שקאָץ איינער, דערנאָך איהם צו היילען, צו טהון איהם טובות. וואַרט נאָר, וואַרט, דו וועסט ביי מיר האָבען טובות! אַ צעהנטען וועסט דו פּערזאָגען...

— בין איך דען איינער? — מענה׳ט דער זוהן וויינענדיג און וויל די שולד אַרויפלעגען אויך אויף אַנדערע. פּאַרוואָס מעגען יענע... יענע?

— שאַ, שקאָץ! טהוט דער טאַטע ביזז אַ היק. יענע זענען אויך אַזוינע שקצים ווי דו. דו הערסט, הערשיל! מען איז מוחל דיר און דיין גלייבען אייערע שענע טובות!...



# דָאס יוּדִישֶׁע קִינְד.

אַ לִיעד פון ש. פרוג.

טִיעף בעגראָבען אִין דער פִינסטער,
ווייט פון לופט און לִיכט —
זעהסט דו דאָרט דעם בלִינדען וואָרעם,
ווִי ער קריכט?

אִין דער ערד איז ער געבוירען.
און בעשערט
אִיז אִיהם אייבִיג, אייבִיג קריכען
אִין דער ערד...

ווִי אַ וואָרעם אִין דער פִינסטער,
שוואַך און שטום און בלִינד —
לעבסט דו אָב די קִינדהייטס=יאָהרען,
יודִיש קִינד!

אויף דיין וויעגעל זִינגט די מאַמע
נִיט קיין לִיעד
פון אַ רוהִיג=שטִילען לעבען,
פרייהייט, פריעד.

פון די גערטנער, פון די פעלדער,
וואו דאָס פרישע קינד,
שפּיעלט און פרעהט זיך פריי און לוסטיג,
ווי דער ווינט.

ניין! א קוואַל פון טיעפען יאָמער,
רוישט און קלינגט...
אוי, ווי ביטער איז דאָס ליעדעל,
וואָס זי זינגט!

טיעפע זיפצען, הייסע טרעהרען,
מיט א שטאַרקע מאַכט,
קלינגען, רוישען אין דעם ליעדעל
טאָג און נאַכט.

טיעפע זיפצען, הייסע טרעהרען,
הונגער, קעלט,
שלעפּען זיך מיט דיר צוזאַמען,
אויף דער וועלט.

און פון וויעגעל ביז צום קבר,
אויף דעם גאַנגען וועג,
וואַקסען גאַנצע וועלדער צרות,
אָהן א ברעג.

# משה'לע.

פון מענדעלי מוכר ספרים.

משה'לע, אַ שוואַרץ־חנ'עוודיגער מיט אַ ברייט־פלאַטשיגען פּנים, איז געוועזען אַ שטיל יונגעל, אַ שלאָפּ'ס, פון אָרימע עלטערן, עהרליכע לייט, ביי וועלכע ער איז, נעבעך, פון קינדווייז אויף שטאַרק אָבגעקומען אין נויט, אין דחקות און זיך קיינמאָל זאַט נישט אָנגעגעסען. נאָך גאָר קליינערהייד האָט ער זיך אַרויסגעוויזען פאַר אַ פערשטענדיג קינד מיט אַ גוט קעפּיל צום לערנען און דאָס איז ביי די עלטערן געוועזען דער איינציגער טרייסט אין זייער ביטער לעבען. זיי האָבען אָבגעשפּאָרט פון די גייסטיגע בעדערפעניש, פיעל מאָל נישט דערגעסען, נישט דערטרונקען, בכדי צו צאָהלען פאַר משה'לען שכר־לימוד, אַבי זייער משה'לע זאָל קענען לערנען און דערמיט אַליין זענען זיי געוועזען זאַט, זעהר צופריעדען.

משה'לע האָט געלערענט און די אָרימע הונגעריגע עלטערן האָבען זיך געקוויקט, גרויס נחת געהאַט. אַז דאָס קינד איז אונטערגעוואַקסען און שוין אימשטאַנד געוועזען אַליין אַ בלעטעל גמרא איינצובייסען, איז ער אַרויס פונ'ם חדר און זיך געזעצט לערנען פאַר־זיך דאָ אין קלויזיל. איז איהם אויסגעקומען אַמאָל אין דעם לערנען קריטיש, עפּיס אַ האַרבליך שטיקעל, פלעגט ער זיך ווענדען צו יודען לומדים און זיי פלעגען איהם העלפען אַרויף אויפ'ן וועג. משה'לע, פון דער נאַטור אַ שעהמעדיגער מיט אַ גוטען, ווייכען כאַראַקטער, דערצו נאָך אַ שלאָפער, אַ קרענקליכער, דערשלאָגען פון דער ביטערער נויט — איז געוועזען שטענדיג ווי עפּיס פערטראַכט, און זיך געהאַלטען אָבגעזונדערט פון איטליכען אין דער זייט. מען האָט פון איהם נישט געהערט קיינמאָל קיין הויך קול, זיך געזעסען אין אַ ווינקעלע און געלערענט שטיל. אַזוי איז ער אויך געוועזען צווישען זיינע חברים, בעקאַנטע יונגלעך, קיינעם נישט בעליידיגט מיט אַ גראָב וואָרט, נישט אָנגעריהרט קיינמאָל אפילו אַ פליעג אויף דער וואַנד.

שווייגען — דאָס איז דער שטייגער זיינער געוועזן שטענדיג, דער־פאַר אָבער האָבען ביי איהם גערעדט די אויגען. אַך, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, וואָס פאַר אַ אויגען! וואָס זענען דאָס געוועזן פאַר אַ אויגען! אויף אַ קרענקליך־בלייך פָּנִים פּלוצים אַזעלכע צוויי אויגען! ווי האָבען עפּים געריהרט ביי דער נְשָׁמָה, אַרויסגענומען אַמאָל ביי יענעם דאָס האַרץ, עפּים איז אין זיי געלעגען אַ גאַנצער אָבגרונד, עס האָט זיך אַרויס־געקוקט די מידסטע בעוועגונג, אַלסדינג וואָס אינעווייניג דאָרט אין איהם געהט פאָר. דער ערגסטער קונדס אֲפִילוּ, קוים האָט ער געפיהלט אויף זיך משה׳לעס אויגען, איז ער באַלד אָבהענדיג געוואָרען און עס האָט איהם נישט דערלאָזט דאָס האַרץ אָנצוריהרען איהם מיט אַ פינגער.

---



# מיין יונגעלע.

אַ ליעד פון מאָריס ראָזענפעלד.

איך האָב אַ קליינעם יונגעלע,
אַ זוהנעלע גאָר פיין!
ווען איך דערזעה איהם, דאַכט זיך מיר,
די גאַנצע וועלט איז מיין.

נאָר זעלטען, זעלטען זעה איך איהם,
מיין שענעם, ווען ער וואַכט,
איך טרעף איהם אימער שלאָפענדיג,
איך זעה איהם נאָר ביינאַכט.

די ארבייט טרייבט מיך פריה אַרויס
און לאָזט מיך שפעט צוריק;
אָ, פרעמד איז מיר מיין אייגען לייב!
אָ, פרעמד מיין קינד'ס, אַ בליק!

איך קום צוקלעמטערהייד אַהיים,
אין פינסטערניש געהילט, —
מיין בלייכע פרוי דערצעהלט מיר באַלד,
ווי פיין דאָס קינד זיך שפּיעלט.

ווי וויס עס רעדט, ווי קלוג עס פרעגט:
„אָ, מאַמע, גוטע מאַ,
ווען קומט און ברענגט אַ פּעני מיר
מײַן גוטער, גוטער פּאַ?"

איך הער עס צו און וויל — עס מוז, —
אָ, יאָ, עס מוז געשעהן:
די פּאַטערליעבע פּלאַקערט אויף:
„עס מוז מײַן קינד מיך זעהן!...

איך שטעה בײַ זײַן געלעגעריל
און זעה, און הער, און שאַ!
אַ טרוים בעוועגט די ליפּעלעך:
„אָ, וואו איז, וואו איז פּאַ?"

איך קוש די בלויע אויגעלעך,
זיי עפענען זיך — „אָ, קינד!"
זיי זעהען מיך, זיי זעהען מיך,
און שליסען זיך געשווינד.

דאָ שטעהט דײַן פּאַפּאַ, טײַערער,
אַ פּעניעלע דיר, נאַ!"
אַ טרוים בעוועגט די ליפּעלעך:
„אָ, וואו איז, וואו איז פּאַ?"

איך בלײַב צעוועהטאָגט און צעקלעמט,
פערביטערט און איך קלער:
„ווען דו ערוואַכסט אַמאָל, מײַן קינד,
געפינסטו מיך ניט מעהר"...



# מָאטָעלֶע.

פון שָׁלוֹם אַש.

צוזאַמען האָבען מיר מיט מאָטעלע׳ן געלערנט ביי ר׳ יוחנן דעם דַרְדְקִ׳ער.

פון קינדהייט אָן איז ער געווען א טרויעריגער, שטענדיג געווען פער׳חוש׳ט, פערקלערט. ער פלעגט זיך אָפט אָבשטעלען און קוקען פערטראַכט, ער קוקט און ווייס אַליין נישט וואָס. ער הערט מיט אָפענע אויערען, און וואָס, ווען? ער אַליין ווייס נישט.

געזעסען זענען מיר קינדער ביים טיש, אין חֶדֶר, און מיר האָבען געלערנט.

דער רֶבִּי איז געשטאַנען פאַר אונז און אַכטונג געגעבען, אַז מען זאָל פון דער גְּמָרָא נישט אַרויסקוקען.

— מאָטעלע, פרעגט דער רֶבִּי פּלוצלונג און מיטען לערנען — מאָ-טעלע, וואו האַלסט דו?

מאָטעלע, אַזוי ווי ער וואָלט זיך פון שלאָף אויפגעחאַפּט, רופט אויס מיט בליצענדיגע אויגען פאַר פרייד, ווייזענדיג צום הימעל:

„פייגעליך פליהען, רֶבִּי, אָ דאָרט, דאָרט... צוויי פאָראויס, ווי חָתָן-כַּלָּה, נאָך זיי די כְּלֵי-זֶמֶר.

הערענדיג דאָס, ווערט אַ גרויס געלעכטער צווישען אונז, מיר לערנען: צוויי קריעגען זיך איבער אַ טַלִית, און ער דערצעהלט אַ מַעֲשֶׂה פון פייגעליך — חָתָן-כַּלָּה.

מאָטעלע פלעגט זיך אָפטמאָל אַרויס׳גַנְבִ׳ענען פון חֶדֶר און פער-קריכען אויף אַ גאַנצען טאָג אין וועלדיל אַריין, וואָס שטעהט אונטער דעם שטעדטיל, ער געהט אַרום צווישען די בוימער און רעדט מיט זיך אַליין, ער זעצט זיך אויף אַ בערגיל, וואָס שטעהט נאָהענט ביים וואַסער און קוקט אין וואַסער אַריין. ער קוקט אויפ׳ן הימעל און זעהט

ווי די ווייסע וואלקענס ציהען זיך — ער פערלאנגט עפּיס, ער בעט עפּיס פון די גרויסע הימלען — און ער ווערט שטארק טרויעריג ...

און איהם דאכט זיך, אז אלץ איז טרויעריג, דעם גאנצען אייבערשטענס בעשעפעניש איז ערנסט און טרויעריג. אלץ וויינט אין דער שטיל און קיינער הערט ניט. ווי טרויעריג עס קוקען די הימלען פון דער הויך, ווי טרויעריג עס קוקען די לעצטע שטראהלען פון דער זון אראב פון די בוימער. ווי טרויעריג עס שאקלען זיך די בוימער און צווייגען. אלץ איז אריבערגעצויגען מיט א זיסער טרויעריגקייט. און ער, טראכטענדיג דאס — ווערט ערנסט — איהם פערגלוסט זיך צו וויינען, און די טרעהרען רינען איהם אויף זיינע באקען.

---

# פּייטעל מיט פּעדיקא'ן.

ערצעהלונג פון שלום עליכם.

## I.

נחמן ווערעבייוקער מיט זיין שכן איוואן קורעטשקא זענען בפירוש נישט אזוינע גרויסע גוטע פריינד איינער דעם אנדערן, נאר צו די קינדער זייערע, פּייטעל און פּעדיקא'ן, האט דאס נישט קיין שייכות. פּעדיקא איז אין איינע יאהרען מיט פּייטלען, און איז „נאך פּייטלען א כפּרה". און פּייטעל איהם האט אויך נישט פיינט. א גאנצען ווינטער ליגען די ביידע קינדער, יעדער ביי זיין טאטען אויפ'ן אויווען, ציהען זיך צום פענסטער און בענקען איינס נאך דאס אנדערע. זעלטען, זעלטען ווען זיי האבען די זכיה צו זעהן זיך. נאר אט איז אוועק דער ווינטער, דער לאנגער בייזער ווינטער. אט האט זיך אויפגעדעקט די שווארצע ערד פון איהרי ווייסען קאלטען שלייער. און א שיין האט געטהון די זון. און א טריקען האט געטהון דאס ווינטעל. און א גרעזעל האט זיך בעוויזען. און דארטען בארג=אראב דאס טייכעל זומזשעט. און דאס קעלבעל האט צולאזט די נאזלעכער און נישטערט. און דער האהן האט צוגעמאכט איין אויגעל און שטעהט א פערטראכטער. און אלעס ארום און ארום האט אויפגעלעבט, אלעס גריסט, אלעס פרעהט זיך: ס'איז ערב פּסח! — דעמאלס קען מען שוין מעהר נישט איינהאלטען אין שטוב נישט פּייטלען, נישט פּעדיקא'ן. ביידע האפּען זיך

אַרויס אויף גאָט'ס וועלט, וואָס האָט זיך געעפֿענט פאַר זיי ביידען גלייך. און ביידע נעמען זיי זיך פאַר די הענד און מע לאָזט זיך לויפען אַהין, צום באַרג, וואָס שמייכעלט צו זיי ביידען גלייך: „קינדער, אַהער!..“ און מע שפרינגט אַקעגען דער זון, וואָס גריסט זיי ביידען גלייך און רופט זיי ביידען צו זיך: „קינ־ער, אַהער!“ און אַז זיי מידען זיך איין לויפענדיג, זעצען זיי זיך ביידע אַוועק אויף גאָט'ס ערד, וואָס ווייסט נישט קיין יודען, וואָס ווייסט נישט קיין גוי: „קינדער, צו מיר, צו מיר!...“

II.

ביידע האָבען זיי וואָס צו דערצעהלען — אַזאַ לאַנגען ווינטער נישט געזעהן זיך, פייטעל בערימט זיך פאַר זיין חבר פעדיקאַ, אַז ער קען שוין כּמעט דעם גאַנצען אַלף־בּית. און פעדיקאַ בערימט זיך, אַז ער האָט אַ בייטש. בערימט זיך פייטעל, אַז ביי זיי איז היינט ביי נאַכט פּסח. ביי זיי איז שוין דאָ מצות אויף אַלע אַכט טאָג פּסח און ווײַן אויף אַרבּע כּוסות. „געדענקסט, פעדיקאַ, פאַראַיאָהרען האָב איך אַרויסגעטראָגען אַ מצה?“ „מאַצאַ?“ — זאָגט פעדיקאַ און איי־בער זיין חנ'עוודיגער מאָרדע צוגיסט זיך אַ ברייט שמייכעלע. אַפּנים, ער האָט זיך דערמאָהנט אין'ם טעם פון דער פאַראַיאָהריגער יודישער מצה... „ביזט אַ בּעלן, פעדיקאַ, פערזוכען איצט אַ שטיקעל מצה? פרישע מצה?“ — אַ שאלה אַ ביסעל, אויב פעדיקאַ איז אַ בּעלן? מע דאַרף נאָך פרעגען! „נו, קום־זשע אַהין“, זאָגט איהם פייטעל און ווייזט איהם אויפ'ן באַרג, וואָס גרינט צו זיי און ווינקט צו זיי: „אַהער, קינדער, אַהער!“... און ביידע דראַפּען זיך אַרויף אַ באַרג, בלייבען שטעהן אַ ווײַלע ווי פערכּישופ'ט, קוקען דורך די פינגער אויף די שפּילענדיגע שימערע שטראַהלען פון דער ליעבער זון און טהוען זיך אַ וואַרף ביידע אויף דער נאָך פייכטליכער ערד, וואָס שמעקט שוין מיט גרינעם, און פייטעל שלעפּט אַרויס פון אונטער'ן לייבסערדאַק אַ פרי־שע, אַ ווייסע, אַ קײַלעכיגע מצה, אָנגעשטאָכען אין דער לענג און אין דער ברייט פון ביידע זייטען מיט קליינע לעכעלעך. און פעדיקאַ בעק־לעקט זיך שוין בעצייטענס, נאָך איידער פייטעל האָט צעשפּאָלטען די מצה פונקט אויף דער האַלב און צוטהיילט זיך מיט זיין חבר. „וואָס ווערסט דו זאָגען, פעדיקאַ, אויף דער מצה?“ — וואָס זאָל פעדיקאַ זאָגען, אַז ס'איז ביי איהם אַ פול מויל מיט מצה, וואָס טרעשטשען אונטער די ציינער און צוגעהט אויף דער צונג, אַזוי ווי שניי? נאָך איין מינוט — און

אויס מַצָה. „מעהר נישטאָ?"... — טהוט איהם פעדיקאַ אַ קוק אַרײַן מיט גרויע אויגען אונטער'ן לײַבסערדאַק און בעלעקט זיך, ווי אַ קאַץ נאָך פוטער. „דו וואָלסט דען געגעסען נאָך?" — פרעגט איהם פײַטעל תּמי'־וואַטע, קײַענדיג דאָס לעצטע שמיקעל מַצָה, און קוקט אויף איהם שעלמיש מיט היטרע שוואַרצע אויגלעך. אַ שאלה אַ ביסעל, אויב פעדיקאַ וואָלט געגעסען נאָך! „טאָ וואַרט אַ ביסעל, — זאָגט איהם פײַטעל, — איבער אַ יאָהר וועט זײַן נאָך"... בײדע צולאַכען זיך פון דער הַמְצָאָה און, נישט געזאָגט אײנער דעם אַנדערן קײן וואָרט, גלײַך ווי מע האָט זיך צונויפגערעדט פריהער, טהוען זיך בײדע אַ וואָרף און אַ קאַטשע אַראָב, ווי צוויי קנוילען, גיך־גיך, באַרג־אַראָב.

# מֹשֶׁה און סֶערְגֵיי.

פון דָוִד פרישמאַן

עס איז זומער. די זון גיסט אויס איהר וואַרימקײַט און איהרע זיסע ליכט־וועלען איבער דעם געלען זאַמד, וועלכעס ליגט אויפ'ן הויף, און צוויי קינדערלעך שפּיעלען זיך צוזאַמען און שרײַען און רַעַשׁ'ן און שפּרינגען און זינגען און קײַקלען זיך אין געלען זאַמד. ווי גוט און אַנגענעהם זענען די ליכט־שטראַהלען און ווי זיס פאַר קינדערס אויגען! דאָס אײנע קינד געהט אין אָבגעריסענע, אָבגעשליסענע שמאַטעס און האָט שוואַרצע האָר ווי פעך און האָט אַ קרומליכע נאָז, און דאָס צווײטע קינד געהט אין אַ רויט זײַדען העמדעל און האָט בלאָנדע האָר ווי פלאַקס און האָט אַ גלײַכע נאָז פון אונטען ביז אַרויף. אָבער די קינדער האָבען דענצמאָל נאָך נישט געוואוסט דעם אונטערשיעד צווישען אַ קרומער און אַ גלײַכער נאָז, צווישען שוואַרצע און בלאָנדע האָר און צווישען שמאַטעס און אַ זײַדען העמדיל. זײ האָבען נור געוואוסט, אַז זײ אונטערשײדען זיך אײנער פון צווײטען דורך די נעמען: דער אײנער, דער בלאָנדער, הײסט סערגיי, און דער צווײטער, דער שוואַרצער, הײסט מֹשֶׁה. — אָבער איז דען אײן נאָמען מעהר יִחוּס פון דעם צווײטען? די זון שײַנט דאָך אויף אײן קינד ווי אויף דאָס צווײטע און מאַכט גאָר קײן אונטערשיעד נישט צווישען זײ, און אויך דער געלער ברענענדיגער זאַמד ליעגט אויסגעגאָסען פאַר אײנעם גלײַך ווי פאַר דעם צווײטען גאַנץ אָהן אײן אונטערשיעד, און אויך שפּיעלען און רַעַשׁ'ן און קײַקלען

זיך האָבען ביידע גלייך געקענט — און דעריבער טאַקי זענען זיי געבלי-בען אַלע מאָל פון דער פריה ביז צום מיטאָג צוזאַמען. טייל מאָלם האָט זיך געמאַכט, בשעת זיי האָבען זיך אַרומגעוואַלגערט אויף דעם זאַמד, און דאָס שוואַרצע יונגעל איז געווען אין איין אַרבע-כנפות און דער ווינד איז געקומען און האָט די ציצית אַ וואָרף געגעבען איבער דעם פנים פון דעם בלאָנדען יונגעל. דאָ האָט דאָס בלאָנדע יונגעל געקענט זיך אַ חאַפּ טהון און די האַנד אַרונטערשטעקען אונטער זיין רויט העמ-דעל און זוכען אויך ער אַ ציצה, כדי דעם שוואַרצען צו בעצאָהלען מדה כנגד מדה, און האָט קיין ציצה נישט געפונען — דאָ האָט ער געקענט זיך אויף עטליכע מינוט פערטראַכטען.

און יעדעס מאָל מיטאָג-צייט פלעגען זיך די קינדער איינם פונ׳ם אַנדערן צושיידען. יעדער פלעגט געהן אין זיין היים אַריין.

דאָס בלאָנדע קינד פלעגט געהן מיט די טרעפּ אין דעם ערשטען עטאַזש פון גרויסען פראָנט-הויז; דאָס שוואַרצע פלעגט געהן אין קע-לער-שטוב אין הויף.

אין דעם ערשטען עטאַזש פון גרויסען פראָנט-הויז האָט געוואוינט סטעפּאַן פּעטראָוויטש קירקושקין, דער סליעדאָוואַטעל, און אין קע-לער-שטוב האָט געוואוינט שמואל לפידות, אַ יוד אַ דאָרפגעהער.

פון פענסטער אין דעם ערשטען עטאַזש הערען זיך איצט מוזיקאַ-לישע טענער. דער קליינער סערגיי האָט מיטאָג אָבגעגעסען, און איצט זיצט ער נעבען זיין גובערנאַנטקע פאַר דעם קלאַוויר און לערנט זיך גאַמען שפּיעלען. אין דערזעלבער צייט שטעהט אַ קליין יונגעל מיט שוואַרצע האָר און אַ קרומער נאָז אין הויף, נאָכדעם ווי ער האָט עטלי-כע קאַרטאָפּעל גיך אָבגעגעסען, און קוקט אַרויף צו די פענסטער פון דעם אויבערשטען עטאַזש און האָרכט און האָרכט. די מוזיקאַלישע טע-נער געהען אַריין טיעף אין זיין האַרץ. — פאַרוואָם האָט גאָט איין אונ-טערשיעד געמאַכט צווישען איין יונגעל און דעם צווייטען און פאַרוואָם האָט ער זיך איינעם אויסגעקליבען, כדי איהם אַלעם גוטעם אַוועק-צושענקען.

דאָס יונגעל האָט דעמאָלט נאָך נישט געוואוסט, אַז אויך דער מענש האָט איין אונטערשיעד געמאַכט צווישען איינעם און דעם צווייטען...

# מײַן שוועסטער.

א ליעד פון א. רייזען.

אין קישען בעהאַלט איך מײַן פּנים,
איך נורע זיך אײַן טיעף און וויין;
דער אײנציגער פרײַנד אין מײַן לעבען
איז מיר נאָר דאָס קישען אַלײן.
געפּליקט האָט די פעדערן איהרע
מײַן שוועסטער ביז שפּעט אין דער נאַכט,
געפּליקט מיט אַ האַרץ אַ צופּליקטען,
פון דחקות, פון הונגער פערשמאַכט,
וואו איז יעצט די שוועסטער פערוואָרפען,
וואו איז זי? ווער ווייסט, וואָס זי מאַכט!
דאַרום איז מיר טײַער דאָס קישען,
פײַכט מאַך איך עס שטענדיג בײַנאַכט!...

---

# אֶלוּל.

ערצעהלונג פון ה. ד. נאָמבערג.

I.

די צײַט געהט אָהן אויפהער, און די טעג אַנטלויפען און פערשווינדען אײנער נאָכ'ן אַנדערן, אײנער נאָכ'ן אַנדערן... קוים האָט מען אויפגעהערט צו צעהלען ספירה, מען האָט אָבגעהאַלטען שבועות, האָבען זיך באַלד אָנגעהויבען די תעניתים: די דרײַ וואָכען, די נײַן טעג; און אײדער מען האָט זיך אומגעקוקט, און שוין הויבט זיך אָן אֱלוּל! די טעג ווערען אַלץ קירצער און קירצער, קאַלטע ווינדען בלאָזען,

אַ טונקעלער נעבעל בעדעקט די ערד אין דערפריה און פאַרנאַכט, אַ ציטער געהט דורך די נְשָמָה בְּשַעַת דער שופָר לאָזט זיך הערען; וואו דו געהסט און וואו דו שטעהסט הערט מען זיפצען, — עס דאַכט זיך עפּעס, די גאַנצע וועלט האָט איין גרויסע שווערע זאָרג אויפ׳ן האַרץ און זיפצט און ציטערט...

דער דרייצעהן־יעהריגער שְלֹמה געהט אַרום פערטראַכט, פערזאָרגט, פול שווערע געדאַנקען, זיין גרויסער קאָפּ ליעגט איהם קיינמאָל נישט גלייך אויף די אַקסלען; איצט געהט ער נאָך איינגעבויגענער, מיט פוילע טריט; די אויגען בלאָנדזען, די קאַפּאָטע איז נישט צוגעקנעפּעלט, און דאָס היטעל אויף אַ זייט.

אַלע עפּעס הערט ער אין דערהיים די טַעֲנוֹת און זידלערייען, צו וועלכע ער איז שוין לאַנג געוועהנט:

— זעהט נאָר, ווי דאָס געהט! בעגעגענט איהם זיין מוטער, ווען ער קומט אַהיים פון חֶדֶר: ער ווייסט דאָך פון זיינע הענד און פיס נישט צו זאָגען! נאָך דאָס האָט מיר צוגעפעהלט צו מיינע צָרוֹת!...

דערנאָך קומט דער טאַטע אַהיים און הויבט אָן אויסצופרעגען שְלֹמה׳ן, וואו ער איז געוועזען היינט, וואו ער האָט געדאַווענט, מיט וועמען ער האָט געדאַווענט, מיט וועמען ער האָט גערעדט און מיט וועמען ער איז געגאַנגען. שְלֹמה ענטפערט מיט ליגענס, איינער גרע־סער פאַר דעם אַנדערן, און האָט עפּעס ווי אַ הֲנָאָה דערפון, וויִס ער קאָן אַלע אַזוי פיין אָבנאַרען. און איהם — קיינער נישט. אַהאָ, איהם וועט מען ביי קיין ליגען נישט חאַפּען!

און דער חֶדֶר ברענגט איהם נאָר אַרויס פון געדולד, שְלֹמה איז אַ יונגעל מיט אַ גוטען קאָפּ. אַלע ווייסען, אַז ער איז אַן „עִלוּי“, און פונדעסטוועגען — עס זאָל עמיצער אַמאָל דאָס לויבען און זאָגען: „שְלֹמה, דו ביזט אַ גוט יונגעל, אַ גוטער קאָפּ, קאָנסט וואויל לערנען“. פערקעהרט: אַלע האָבען נאָך צו איהם טַעֲנוֹת, אַז ער וויל נישט לער־נען... דעם שִיעוּר פלעגט ער נאָך זונטאָג וויסען, און דעריבער האָט ער די גאַנצע וואָך נישט געהאַט וואָס צו מהון. זיצט ער און קוקט אויף די ווייזער, וואָס ריהרען זיך אַזוי פּאַמעליך, אָדער — ווען די זון שיינט — בעטראַכט ער די העלע שיין, וואָס רוקט זיך פון איין גְמָרָא צו דער אַנדערער, פון איין יונגעל אויף דעם אַנדערן.

און אָט אין די לאַנגע שטונדען, וואָס האָבען זיך געצויגען אַזוי פויל און אומעטיג, ווי אַ הערבסט־נאַכט פאַר דעם, וואָס שטעהט אויף דער

וואַך, פלעגען אין מוח פון דעם יונגעל זיך טראָגען שווערע געדאַנ־קען, געדאַנקען, וואָס האָבען געדריקט און געפּרעסט זײַן יונגע נשמה. ווײַסען ווײַסט ער און געדענקט, אַז אויף דער וועלט איז ער בעשאַפען געוואָרען נאָר צו דינען דעם אויבערשטען: אַז די תורה, אָט די־זעלבע תורה וואָס ער וויל ניט לערנען, איז פול מיט סודות, רמזים און שמות הקדושים, און אַז ער, שלמה, געהט נישט בדרך־הישר...

און ער דערמאָהנט זיך אָן אַלע עבירות וואָס ער האָט געטהאָן די לעצטע טעג, נאָכדעם ווי ער האָט דאָס לעצטע מאָל אויף זיך גענומען תשובה צו טהאָן; וועגען דעם גנב׳ענען געלד בײַם טאַטען און שטוב, אָן זײַנע ליגענס, און אַז נעכטען האָט ער קײַן מנחה נישט געדאַווענט, און איהם ווערט שווער אויפ׳ן האַרץ...

ער האָט אויך אַנ׳אײַנציגען חבר צווישען די חדר־יונגלעך — דוד׳ל הייסט ער. דאָס איז אַ שוואַך, קרענקליך יונגעל, שטענדיג איז ער פער־קיהלט און הוסט און דעריבער געהט ער שטענדיג פערבונדען דעם האַלז מיט אַ רויטער פאַטשײַלע. די דאָזיגע פאַטשײַלע מיט איהר אײַן עק, וואָס קריכט שטענדיג אַרויס פון הינטער׳ן קאָלנער, גיט דעם יונגעל אַ חנ׳עוודיג אויסזעהן, פּונקט ווי די קרענקליכע רויטקײַט, וואָס שפּיעלט אויף זײַנע באַקען. ער האָט גרויסע בלויע אויגען, אונטער זיי שוואַרצע פּאַסען, בלאַסע ליפּען און מאָגערע הענדטלעך און פיסלעך. רעדען רעדט ער מיט אַ ציטעריגער שטים, און עס דאַכט זיך דערבײַ, אַז עס פּישטשעט אַ קראַנק פייגעלע.

— קום, מיר וועלען אַרויסגעהן, רוימט שלמה אײַן זײַן חבר אין מיטען לערנען.

— דער רבי וועט נישט לאָזען, — ענטפערט דוד׳ל.

— ער וועט לאָזען, געה און פרעג, נאָר...

דוד׳ל געהט אַרויס, און שלמה נאָך איהם.

— ווײַסט, זאָגט שלמה: איך האָב אַ סך, אַ סך עבירות. איצט בין איך נאָך נישט בר־מצוה. וואָס שאַדט מיר דאָס, אַז איך האָב עבירות? סײַ־ווי־סײַ ווערען זיי נאָך נישט גערעכענט, אמת?

— אמת, ענטפערט דוד׳ל.

— אַ סך עבירות האָב איך, רעדט שלמה ווײַטער: אַ, אַזאַ גרויסער באַרג עבירות!

דָוִד'ל פערקלערט זיך און זאָגט:

— איך האָב נאָך מעהר.

— עָ, איך האָב מעהר.

און די יונגלעך הויבען זיך אָן צו ריהמען איינער פאַר דעם אַנדערן מיט עֲבֵירוֹת. שְׁלֹמֹ'ה'ס פאַנטאַזיע צושפּילט זיך, און ער טראַכט אויס אַזעלכע שווערע עֲבֵירוֹת, אַז דָוִד'ל ווערט גאָר בָּטֵל.

II.

אין מאָנאַט אֱלוּל ווערט שְׁלֹמֹ'ה אַלט דרײַצעהן יאָהר. און די אײנציגע טרייסט, וואָס ער האָט געהאַט, אויף אַלע זײַנע שווערע זינד, איז איצט שוין פערשוואונדען. נאָך עטליכע טעג וועט ער זײַן בַּר־מִצְוָה, אין הימעל וועט מען איהם רעכענען זײַנע עֲבֵירוֹת. און ווי נאָר אֱלוּל האָט זיך אָנגעהויבען, און דער שוֹפָר האָט זיך געלאָזט הערען אין די יודישע גאַסען, איז שְׁלֹמֹ'ה בײַ זיך געפאַלען און דאָס האַרץ האָט אָנגעהויבען אֱמֶת'דיג שוין צו קלעמען. אַ שרעק האָט איהם דורכגענומען, ווען ער האָט זיך דערמאָהנט, אַז פון הײַנט אָן הערען אויף אַלע אויסריידען, אַז זײַנע זינד זענען אֱמֶת'ע זינד, פונקט ווי פון אַ דרײַסיג־יעהריגען מענש.

ווי אַזוי וועט ער קאָנען בײַשטעהן קעגען דעם יֵצֶר־הָרָע? דער יֵצֶר־הָרָע איז אַזוי שטאַרק, האָט אַזאַ שְׁלִיטָה אויף איהם. רעדט ער איהם אָן עפּעס צו טהון, האָט ער קיין כּ'ח נישט זיך אַנטקעגען צו שטעלען. וואָס וועט דאָס זײַן, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם?

די דאָזיגע געדאַנקען האָבען איהם ניט אָבגעלאָזט בײַטאָג און בײַנאַכט. נאָך פאַר־טאָג האָט דער סקריפּ פון טהיר איהם אויפגעוועקט פון שלאָף. פון ערשטען טאָג אֱלוּל האָט זיך זײַן טאַטע גענומען זעהר צו עֲבוֹדַת־הַבּוֹרֵא און שטעהט אויף יעדען פאַר־טאָג צו לערנען זוהַר. שְׁלֹמֹ'ה דערוואַכט אין מיטען אַ פערוויקעלטען חָלוֹם. נאָך טראָגט זיך דער חָלוֹם אין אַ ווינקעלע פון זײַן קאָפּ, ווי אַ נעבעל, וואָס צורינט און פערשווינדט. ער דרעהט זיך איבער אויף אַ זײַט. ער איז פויל אויפצושטעהן צו דינען גאָט, און פערשלאָפענערהייד פיהלט ער, ווי שוואַך ער איז מִלְחָמָה צו האַלטען מיט דעם יֵצֶר־הָרָע. און צו מעהר ווערט ליכטיג. אויפ'ן פענסטער ליעגט נאָך די שוואַרצע נאַכט; עפּעס דאַכט זיך, אַז אין דרויסען רוישען די בוימער פערציטערט און

פּערזאָרגט. באַלד הויבט דער טאַטע אָן צו לערנען זוהר, און זיין פּרו־
מער קול דרינגט אַריין טיעף־טיעף אין דעם יונגען'ס נְשָׁמָה. ער
דרימעלט איין, און דער טרויעריגער נִגוּן געהט אַלץ ווייטער און ווײ־
טער און דאַכט זיך צו זיין עפּעס גאָרנישט פון דער וועלט...

און איהם ווילט זיך פון איצט אָן זיין אַ אַנדערער, געהן אין קלויז
אַריין און פרום דאַווענען, אומקעהרען זיך צו גאָט מיט'ן גאַנצען הארץ.
מיט'ן גאַנצען הארץ...

---



דריטע אבטיילונג:

# שבת און יום טוב.

# ענג שבת.

פון מענדעלי מוכר ספרים.

## I.

משה'לעס טאטע — שמואליק, איז א טאנדעטניק. א גאנצען טאג פון פריה ביז אין דער נאכט לויפט ער ארום מיט אלטע זאכען, שלאגט אב די טהירען צו קויפען און צו פערקויפען זיין סחורה. ער איז געקרימט, געבויגען, מיט א בלייך פנים, געקנייטשט, געשעלטערט פאר זארג און צרות. אנלויפענדיג זיך ווי א הונד, קומט ער מיעד, צובראכען אין זיין וויסט שטיבעל — א קאנורע, מיט עטליכע גראשען פערדיענסט, און אמאל גאר מיט א לעדיגע קעשענע, חאפט אב עפיס, וואַרמעס מיט וועטשערע אינאיינעם, און טהוט זיך א ווארף שלאפען. ער ליעגט, נעבעך, ווי א דער'הרג'עטער, פיהלט אין זיך נישט קיין גאנץ אבר. גאנץ פריה שטעהט דער טויטער אויף, משטיינס־געזאגט, תחית־המתים און ווייטער לויפען, ווייטער ארומיאגען זיך. אזוי פערברענגט ער זיין הינדטיש לעבען די גאנצע וואך.

פרייטאג צו־נאכט בעקומט די קאנורע עפיס גאר א אנדער פנים — אויסגעשמירט, אויסגעוואשען, ריין אין איטליכם ווינקעלע. דער טיש געדעקט מיט א ווייסען טישטוך, אויף איהם דריי מעשענע, אויסגעשייערטע לייכטער מיט די בענש־ליכט, און צוויי שענע קוילעטשען, אבגעשמירט מיט געלכען פון א איי, שיינען פון דערווייטענס, פערנעהמען די אויגען. אין שטוב הערשט עפיס א זיסע רוהיגקייט, עס שמעקט א ריח פון צוגעדעמפפטע שפייזען, וואס שטעהען אויפ'ן פריפעטשיק איבערגעדעקט מיט א קישען. די מאמע, א גאנצע וואך פערשמירט, פערפינסטערט, לויכט אין דעם שבת'דיגען שלייער, עס רוהט אויף איהר די שכינה. די בארפיסע מיידעלעך, פערקעמט, אויסגעצוואגען, האלטען זיך אינאיינעם אין א ווינקעלע און מען זעהט אן אין זייער פנים, ווי זיי ווארטען, קוקען אויף עפיס ארוים מיט א פרעהליך הארץ. — שא, עס הערט זיך טריט ... מען געהט ... די טהיר עפענט זיך אויף.

— גוט שַׁבָּת! זאָגט שְׁמוּאֵל׳יק קומענדיג פון דער שוהל און קוקט פריינדליך מיט אַ שײַנענדיג פָּנִים אויפ׳ן װײַב, אויף די קינדער.

— גוט שַׁבָּת! זאָגט משֶׁה׳לע הויך אויף אַ קול, אַרײַנלויפענדיג געשווינד ווי מיט אַ גוטער בְּשׂוֹרָה.

און דער טאַטע מיט דעם זוהן הויבען אָן ביידע, אַרומגעהענדיג איבער׳ן שטוב, צו זאָגען אויף אַ נִגוּן „שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם"! דאָס נעהמט מען אַזוי אויף די הייליגע מַלְאָכִים, געשיקט פון דעם אויבערשטען, פונ׳ם מֶלֶךְ איבער אַלע מַלְאָכִים, הַקָּדוֹשׁ־בָּרוּךְ הוּא, וואָס האָבען זיי בעלייט פון דער שוהל אַהיים. דער טאַנדעטניק איז שוין נישט מעהר קיין הונד, ער איז אַ פּרינץ, עפּיס האָט ער בעקומען אַ נײַע נְשָׁמָה, אַ נײַע הויט. ער מאַכט קִידוּשׁ, וואַשט זיך, זעצט זיך צום טיש, דאָס ווײַב די פּרינצעסין און די קינדער אַרום איהם, מען שטופּט דעם גאָפּעל, דעם לעפעל און מען חאַפּט אַ שטיקעל פיש, אַ לאָקש, אַ ביינדיל, אַ ביסעל צימעס — אַזעלכע מַאֲכָלִים, וואָס מען האָט עס אַ גאַנצע וואָך אין די אויגען נישט געזעהן, איטליכם פון די קינדער עסט עס, שטאַרק היטענדיג זיך, קיין ברעקיל זאָל, חָלִילָה, נישט אַראָבפאַלען, עפּיס מיט אַ גוט ערנסט פָּנִימ׳ל, וואָס וועקט אויף אין האַרצען געפיהלען פון רַחֲמָנוּת, עפּיס נאָר ווי אַ וועווריקיל, וואָס זיצט זיך אויף אַ בוימעל און קנאַקט עפּיס אַזוי שען, אַזוי ערנסט אַ ניסעל...

שְׁמוּאֵל׳יק זינגט זְמִירוֹת:

„ווי ליעב די רוּהה איז דײַנע,
פּרינצעסין, שַׁבָּת, פײַנע!
מיר לויפען דיר אַקעגען אַלע,
מיר בעטען: קום, געקרוינטע כַּלָּה!...
פון אַלע מְלָאכוֹת איז איין עק,
די אַרבייט לעגט מען איצט אַוועק"...

סַמְבַּטְיוֹן דער טײַך, וואָס לויפט, רוהט נישט די גאַנצע וואָך, בלײַבט שַׁבָּת פּלוצים שטעהן, „עס הערען אויף די קוֹלוֹת, געוואַלדען, וועז הויך דער יוד זינגט די זְמִירוֹת זײַנע. דער שרעקליכער טײַך שטערט איהם נישט אין דעם שטייגער זינגען, עס שווײַגען די בייזע חוואַליעס, אוים רַעַשׁ — שאַ, ס׳איז רוּהה!"...

אַזוי פרעהט זיך אַ מְעַת־לְעֵת דאָס האַרץ, פריי פון זאָרג און צופריעדען.

# מוצאי שבת.

פון מענדעלי מוכר ספרים.

אויפ'ן אַנדערן טאָג פאַרנאַכט, נאָך שלש־סעודות, זיצט אונזער שמואליק אַראָבגעלאָזט די נאָז אין שוהל. ס'איז טונקעל. יודען ברומען, זאָגען אויף אַ קרעכצענדיג קול דאָס קאַפּיטעל תהלים „אשרי תמימי דרך“, וואָס דערמאָנט אין דעם, אַז די פּרינצעסין־שבת קלײַבט זיך אין וועג אַרײַן. עס הערשט עפּיס אַ אומעטיגקײַט און עס שמעקט מיט ראָסעל פון אוגערקעס. די זון איז שוין פערגאַנגען, פײַער־רויטע וואָלקענס שרפה'נען בײַם עק הימעל און עס שטעלט זיך יודען פאָר דער ברענענדיגער גיהנום. עס קלינגט ווי אין די אויערען דאָס שרעקליכע בעפעהל: „ישובו רשעים לשאולה!“ — די רשעים אויף יענער וועלט, וועלכע מען האָט געלאָזט שבת צורוה, זיך קויקלען דאָרט פרײַ אויף בערג פון שניי, טרײַבט מען עס אַצינד ווידער אין חדר אַרײַן: געהט זיך פערגלען אַהין אין גיהנום! און מלאכי־חבלה דרעהען זיך עפּיס פאַר די אויגען. אַך, דער גיהנום! דער יוד, נעבעך, זעהט פאַר זיך, נעביך, דעם גיהנום...

אין דערהײַם בײַ זיך זיצט אויף דער מילכעדיגער באַנק דאָס ווײַב, פערלעגט די הענד און די פיס אונטער זיך. ס'איז פינסטער. אַ ליכטיגער פאַס פון דער לבנה שײַנט אַרײַן דורך אַ פענסטעריל, אָבשלאָגענדיג זיך אַקעגען אויף דער וואַנד, אויף דער סטעליע, און שאָטענס פון משונה'דיגע געשטאַלטען טאַנצען, שפּרינגען, מאַכען אָן עפּיס אַ מורא אויף די אַלע קינדער, וואָס שטיקען זיך צונויף אינאײַנעם, ווי די דערשראָקענע שעפּעלעך, מיט אַראָבגעלאָזטע קעפּ, אײַנס מיט דעם אַנדערן, נישט צו רעדען קײַן וואָרט. שאַ, שטיל! נאָר אַ פּאָר גרילען גרילצען זיך אײַנע מיט דער אַנדערער איבער אין די שפּעלטלעך ערגיץ אין אַ ווינקעל. דאָס ווײַב זיצט פערטראַכט, שאָקעלט מיט דעם קאָפּ און נעהמט זיך דערנאָך זאָגען מיט אַ געניץ: „גאָט פון אַברהם... אַז דער ליעבער שבת קודש געהט אַהין“... אויף אַ טרויער־זינגענדיג קול. — אײַן עק, הײַסט עס, אַ סוף. מען רײַבט, רײַבט מיט קונצען עפּיס אַ מין שוועבעלע, אַ צווײַטס, אַ דריטס, ביז עס ווײַזט זיך מיט אַ בײַזער און אַ רויך, אַ בלוי־רויטליך פײַעריל, בײַ וועלכען מען צינדט נאָך פיעל מיה אָן אַ חלב'דיג גראָשען ליכטיל.

— גוטע וואָך! — זאָגט איטליכער און פיהלט, ווי עס רייסט זיך איהם עפּיס אָב אינעוויינינ אין האַרצען.

— אַ גוטע וואָך! — זאָגט שְׁמוּאֵל׳יק, אויף אַ פערדומפּען קוֹל ביים צ׳ריינקומען אין שטוּב. ער דרעהט זיך אַרום ווי אַ נעכטיגער, די אויגען זיינע וואַרפען זיך עפּיס, דאָס פָּנִים בלייך, אויסגעצויגען, און מען זעהט, ווי אין איהם געהט פאָר עפּיס אַ פערענדערונג.

דאָס הויבט זיך אין איהם אָן דאָס איבערקעהרעניש פון אַ פּרינץ ווידער אין אַ הונד. עס שטעלט זיך פאַר שְׁמוּאֵל׳יקען די וואָך מיט דעם הינדטישען לעבען: מיט דעם אַרומלויפעניש, מיט דעם קאָפּדרעהעניש, מיט די חֶרְפּוֹת, בִּזְיוֹנוֹת און דעם זוכעניש דאָס דאַר שטיקעל ברויט — און עס בעשלאָגען איהם אַנגסטען. נאָר דער פּרינץ וויל זיך אָבער אַזוי גיך נישט אונטערגעבען, ער ראַנגעלט זיך, לאָזט זיך נישט נעהמען אין גֵיהִנֹּם אַריין, פּלוּצלִים אין אַ הונט פערוואָרפען צו ווערען! ער צאַפּעלט, ער זוכט אין וואָס זיך אָנצוהאַלטען — טאָמער איז נאָך פאָרט דאָ עפּיס אַ האָפנונג, גאָט קען נאָך רַחֲמָנוּת האָבען — און די האָפנונג גיט איהם אַ שיין אין דער ברענענדיגער הַבְדָּלָה. פרום מיט פערגלאָצטע אויגען נעהמט ער זיך מאַכען הַבְדָּלָה: „הִנֵּה אֵל יְשׁוּעָתִי” — אָט איז ער, דער גאָט פון מיין הילף, „אֶבְטַח וְלֹא אֶפְחָד” — איך בין פערזיכערט און שרעק מיך נישט!... ער שמעקט און מינטערט זיך מיט בְּשָׂמִים, ער טרינקט פון כּוֹס און שמירט דערפון די קעשענעס — אַ סְגוּלָה צו אַ גוטער, מַזָל׳דיגער וואָך. און די האָפנונג שיינט איהם אויך אין די שַׁבָּת־צונאַכטיגע זְמִירוֹת. ער הויבט אָן אויף אַ זיס־טרויעריגען נִגּוּן אונטערצוזינגען „הַמַּבְדִּיל”...

און די האָפנונג שיינט איהם נאָך מעהר אין דעם „אִישׁ חָסִיד”. עס צופלאַקערען זיך איהם די אויגען. עס פערפאַרבט איהם זיך אַ ביסעל רויטליך דאָס פָּנִים, ער קוקט אויפ׳ן ווייב, און אויף די קינדער און מיט בִּטָּחוֹן אויף גאָט ברומקעט ער בעהאַרצט דאָס וואונדער־שענע מַעֲשֶׂה׳לע מיט דעם חָסִיד.

— אַך, גאָטעניו! — לאָזט שְׁמוּאֵל׳יק אויס דעם „אִישׁ חָסִיד” מיט פערגלאָצטע אויגען און פערגעהט זיך, ברומקענדיג אונטער זיך אַ וויינענדיג־יודיש שטייגעריל אויף דער דינער סטרונע — אַך, טהו עפּיס אַ נֵס און העלף, גאָטעניו, העלף, העלף, וועה איז מיר!...

— גוטע וואָך! — זאָגט משֶׁה׳לע אַריינקומענדיג אין שטוּב און מיט איהם קומט, געוועהנליך, שַׁבָּת־צונאַכט אויך הערשעלע אויף מְלַוֶּה־מַלְכָּה. זיי זאָגען ביידע די זְמִירוֹת — פון „וְיִתֶּן לְךָ”, וואו יודען ווערט

צוגעזאָגט אַלדאָס=גוטס פון פייגעל=מילך: אַ געזעגענטעניש אין תְּבוּאָה, טשערעדעס בְּהֵמוֹת און שאָף, די בְּרָכָה אין דער דייזשע, אין דער ספּיזשאַרנע, אין דעם האַנדעל, עוֹשֶׁר אויך כָּבוֹד און נאָך גרויסע גליקען — ביז נאָך די „אֵלִיָהוּ׳ם”.

אויפ׳ן פּריפּעטשיק ברענט אַ פּייערול, די מאַמע פּאָרעט זיך עפּעס נעבען אויווען, דאָס הויזגעזינד זיצט נישט וויַיט ביי אַ טיש, איטליכער מיט עפּיס אַ שטיקעל אַרבייט, און איינער פון די ביידע חֲבֵרִים, אַ מאָל דער, אַ מאָל יענער, לייענט זיי פאָר דעם סֵפֶר הַיָשָׁר, די מַעֲשֶׂה דאָרט, ווי די ברידער פערקויפען יוֹסֵף׳ן וּכְדוֹמֶה נאָך אַזעלכע שענע מַעֲשִׂיוֹת פון הייליגע סְפָרִים. דערביי שפּינט זיך אַ שמועס, איטליכער וואַרפט אַריין אַ וואָרט, מען פערפליהט וויַיטליך, מען איז עפּיס נישט אויף דעם עוֹלָם — און דערוויַיל ווערט פאַרטיג דער באָרשטש, מיט וועלכען מען בעלייט שַׁבָּת הַמַלְכָּה. און שטוב זעהט טאַקי אויס ווי אויפ׳ן האַרצען: האַלב שַׁבָּת׳דיג, האַלב וואָכעדיג, האַלב זיסליך, האַלב זויער, אַזוי ווי ביים לעצטען וואַרמעס, ווען מען ריכט אויס אַ טייערען גאַסט אין וועג אַריין — מען זופּט און מען טרייסט זיך, זיך אין גיכען ווידער צו זעהען...

---

# אָנְהוֹיב=פְרִיהְלִינג.

ס׳איז נאָך ליכטיג ניט געוואָרען.
מאָרגען=נעבעל הילען איין
נאָך די שלאָפענדיגע טהאָלען,
און דער הימעל האָט קיין שיין:
נור, ווי זיסע קינדער, בלאָנזען
וואַרמע ווינטעליך אַרום
און זיי זאָגען אָן די בְּשׂוֹרָה:
ס׳איז שוין פריהלינג אומעדום!

ווי אַ רויזענשטיינגעל ציטערט
אין דער מאָרגענלופט פון קעלט,

װאַרטענדיג, עס זאָל אַ שײַן טהון
גיך די זון שײַן אין דער װעלט, —
אַזױ פּלאַטערט איצט מײַן האַרץ נאָך,
פול מיט שרעקען און מיט פרײַד.
ס'איז דער שנעע נאָך ניט צוגאַנגען,
נאָר דער ליעבער פריהלינג געהט!...

---

# ערב-פּסח.

פון שלום עליכם

דאַנקען השם יתברך, געפּטר'ט דעם פּורים געזונטערהײַד און מען קען שױן אָנהױבען אין זינען האָבען אַרײַנבריענגען דעם פּסח אין אַ גוטער שעה!

אַזױ האָט זיך אָנגערופען די מאַמע צו זיך אַלײן אױף מאָרגען נאָך שושן-פּורים און אױסגעקוקט מיט די אױגען אַלע װינקעלעך אין זאַל, אַרומגעגאַנגען און געזוכט אַנ'אָרט, װי אַ הוהן בשעת זי דערפיהלט, אַז זי בעדאַרף זיך לעגען. אין עטליכע טעג אַרום איז בעשאַפען געװאָרען אַ ביסעל הײ מיט צװײ קלעצלעך און אױף די קלעצלעך אַ שפּאָגעל נײַ דײַשקעלע איבערגעדעקט מיט אַ גראָבער נור אַ װײַסער ציכטיגער לײַנװאַנט און מיך האָט מען צוגערופען אינאײַנעם מיט'ן טאַטען און אָנגעזאָגט אַ מאָל דרײַסיג, איך זאָל זיך נור ניט דערװעגען ניט צוגעהן פון דער נאָהענט, ניט אַ קוק טהון פון דערװײַטען, ניט אַ שמעק טהון אפילו „אין יענעם װינקעל אַרײַן", און טאַקי באַלד נאָכדעם איז צוגעמאַכט געװאָרען די טהיר פון זאַל און אונז ביידע, מיך מיט'ן טאַטען, האָט מען געבעטען מחילה, מיר זאָלען זיך אָבטראָגען פון דאַנען אין אַ גוטער שעה, אין אַ מזל'דיגער שעה און מעהר נישט אַרײַנטרעטען אין זאַל אַרײַן ביז פּסח.

פון דער מינוט אָן האָט די זאַל בעקומען בײַ מיר אין די אױגען דװקא גאָר אַ בעזונדער חן, און עס האָט מיך אַהינצו געצױגען װי אַ מאַגנעט, און איך האָב בעקומען אַ שטאַרקען חשק אַ קוק טהון אַהינצו אין „יענעם װינקעל אַרײַן" האָטש פון דערװײַטען. אױסגעשטעלט זיך פון יענער זײַט טהיר, בשעת מעשה געקײַעט דעם אָנבײַסען, ברױט מיט

שמאַלץ, האָב איך אַרײַנגעקוקט און געשפּיגעלט זיך אין אונזער שענער, ליכטיגער זאַל מיט דער רויטער קאַנאַפּע פון פידעל־האָלץ, מיט'ן האַלב קײַלעכדיגען טיש אויף דרײַ לאַפּעס, מיט'ן האַלב קײַלעכדיגען שען גע־שניצטען שפּיגעל און מיט'ן גרויסאַרטיגען מִזְרָח, וואָס דער טאַטע אַליין האָט איהם אויסגעמאָהלט, בִּשְׁעַת ער איז נאָך, זאָגט ער, געווען אַ חָתָן. וועה־וועה, וואָס איז ניט געווען אויפ'ן דאָזיגען מִזְרָח! בערען, און לײַבען, און ווילדע קעץ, און אָדלערס, און פויגלען, און שוֹפָרוֹת, און מְנוֹרוֹת, און אֶתְרוֹגִים, און שיסעלעך מיט מָגֵן־דָוִד'לעך, און בלעטלעך, און קנעפּלעך, און רעדעלעך, און פּאַסיקלעך, און פּינטע־לעך אָהן אַנ'עק, אָהן אַ שִׁעוּר! ס'איז געווען נישט צו גלויבען, אַז אַ מענשליכע האַנד זאָל דאָס אַלכדינג קענען אויסמאָלען, קוים קוים וואָס דאָס אויג קען חאַפּען! „אַ מוּשְׁלָם דער טאַטע מײַנער! — טראַכט איך מיר — אַ בְּרִיָה! אַ מַזִיק!"

— וועה איז מיר! מיט'ן גאַנצען חָמֵץ בײַ דער טהיר!

אַזוי גיט פּלוצים אַ געשרײַ די מאַמע, נעהמט מיך אָן מיט צווײַ דינע שאַרפע פינגערליך פון איהר רעכטע האַנד בײַ מײַן לינקען אויער און פיהרט מיך צום טאַטען:

— נאַ, זעה, קוק האָטש אָן דעם קַדִיש דײַנעם! מיט'ן ברויט האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט קוקען אַהין, וואו דער פֶּסַח'דיגער באַרשטש!

דער טאַטע מאַכט כְּלוֹמֶר'שט אַנ'ערנסט פָּנִים, שאָקעלט מיט'ן קאָפּ, שטעלט אויף די ליפּען און קנאַקט מיט דער צונג:

— טק—טק—טק! אַוועק דו יִמַח־שְׁמוֹ'ניק אײַנער!

און אַז די מאַמע קעהרט זיך אָב אָן אַ זײַט, דערזעה איך אויפ'ן טאַטענס ליפּען אַ גרינג בעהאַלטען שמײכעלע; און קערט זיך אום צוריק די מאַמע, מאַכט ער ווידער אַנ'ערנסט פָּנִים. ער נעהמט מיך פאַר אַ האַנד, זעצט מיך אַנידער נעבען זיך אויף אַ בענקעל און זאָגט מיר אָן, איך זאָל אַהינצו ניט קוקען — מען טאָר ניט!

— פון דער ווײַטען אויך ניט?

נאָר דער טאַטע הערט מיך שוין ניט. ער זיצט פערטיעפט אין אַ סֵפֶר און לערנט שטילערהייד, און איך פער'גַנְב'ע מיך פאַוואָלינקע צו דער טהיר און קוק אַרײַן דורך אַ שפּעלטעל אַהין אין זאַל אַרײַן און זעה דאָרטען פון כָּל־טוּב, אַ גַן־עֵדֶן: נײַע טעפּ אַ סַך מיט מע־קערטעס אויף דער ערד, און האַק־מעסער, אַ זאַלצבערעטעל, ציבעלעס צווײַ קרענצלעך הענגען אויף דער וואַנד און בעשײַנען די זאַל, —

שוין פֶּסַח׳דיג די זאַל, פֶּסַח׳דיג, פֶּסַח׳דיג, פֶּסַח׳דיג!..
און אַ וואַרימע פרייד צוגיסט זיך אין אַלע מיינע אֵבָרים.

# פְרִיהלִינְגס-לִיעדער.

אַ ליעד פון ש. פרוג.

דאָס טייבעלע וואָרקעט,
דאָס טייבעלע רופט:
„שטעהט אויף, קינדער! ליכטיג
און פריש איז די לופט"!

עס ציהען זיך, ציהען
פון הימעל און פאַלען,
ווי גאָלדענע פעדים.
די וואַרימע שטראַהלען;

דאָס בּיהנעלע זשומעט
און זינגט אָהן אַ מאָס
די זאַפט פון די רויזען,
דעם טוי פון דעם גראָז.

עס בּליהען די גערטנער,
עס גלענצען די בּלומען
צו אונז איז דער זומער,
דער זומער געקומען...

„שטעהט אויף, קינדער! ליכטיג
און פריש איז די לופט"...

דאָס טײַבעלע וואָרקעט,
דאָס טײַבעלע רופט.

עס בליהען די בוימער,
עס שפּראָצען די בלומען,
צו אונז איז דער פריהלינג,
דער פריהלינג געקומען;

די פויגעלעך זינגען
אין וואַלד און אין טאָל;
עס הערען זיך לידער
אַרום, אָהן אַ צאָהל.

די פישעלעך שווימען
אַרויף אויף די וועלען —
זיי טאַנצען אין וואַסער,
זיי שפּרינגען און קוועלען...

עס שפּראָצען די בלומען,
און פריש איז די לופט...
דאָס טײַבעלע וואָרקעט,
דאָס טײַבעלע רופט...

---

# אויף פּסח אַהיים.

פון שלום עליכם.

צוויי מאָל אין יאָהר, פּינקטליך ווי אַ זייגער, ראש חודש ניסן און ראש חודש אלול, פאָהרט פישעל דער מלמד פון באַלטע קײַן קאַשמטשעוואַטע אַהיים צו זײַן ווייב און קינדער — אויף פּסח און אויף

סְכּוֹת. כִּמְעַט דאָס גאַנצע לעבען זיינעם איז איהם באַשערט צו זיין אַ גאַסט בּיי זיין ווייב און קינדער, אֲפִילוּ זעהר איין אָנגעלעגטער גאַסט אָבער אויף אַ קורצער צייט, אויף יום־טוֹב, און אַוועקגעגאַנגען דער יום־טוֹב — איז מאַרש צוריק קיין באַלטע, צוריק צום קנעלונג, צוריק צום קאַנטשיק, צו דער גְמָרָא, צו די גראָבע פערשטאָפּטע קעפּ, צו נָע־וָנָד זיין, צום וואַלגערן זיך אין דער־פרעמד און צום בענקען שטי־לערהייד אַהיים.

דערפאַר אָבער, אַז פישעל קומט אַהיים איז ער אַ קֵיסָר! בַּת־שֶׁבַע זיין ווייב גיהט איהם אַרויס אַקעגען, רוקט אָן דאָס טיכעל, טהוט איהם אַ פרעג פאַרביי געהענדיג, נישט געקוקט, חָלִילָה, גלייך אין די אויגען: „וואָס מאַכסט דו?" און ער ענטפערט איהר: „וואָס מאַכסט דו?" און פרויקע זיין זוהן, אַ בַּר־מִצְוָה יונגעל, גיט איהם אָב שָׁלוֹם, און דער טאַטע טהוט אַ פרעג דעם זוהן: „וואו האַלסט דו, אֶפְרַיִם, אין לערנען?"... און רייזעל זיין טאָכטער, נישט קיין מְאוּם מיידעל מיט אַ קליין פערפלאָכטען צעפּעל, חאַפּט איהם אַרום קושען.

— טאַטע, וואָס האָסטו מיר געבּראַכט אַ מַתָּנָה אויף יום־טוֹב?

— סיטין אויף אַ קליידעל, און דער מאַמען אַ זיידענע פאַטשיילע.

נאַ, גיב דער מאַמען די פאַטשיילע.

און פישעל נעמט אַרויס פון טַלִית־זאַק אַ נייע, אַ זיידענע (מאָלט אייך אַ האַלב־זיידענע) פאַטשיילע, און בַּת־שֶׁבַע רוקט אָן דאָס טיכעל נאָך מעהר איבער די אויגען, חאַפּט זיך צו בַּעַל־הַבַּתִּי׳שקייט, דרעהט זיך אַרום איבער׳ן שטוב און שטעהט אויף איין אָרט.

— וויז נאָר, אֶפְרַיִם, די גְמָרָא, לאָם איך דיך פערהערען, וואו האַלסט דו אין לערנען?

און פרויקע איז דאָך דאָס וואוילע יונגעל, דער גרויסער מַתְמִיד, די שענע תְּפִיסָה מיט׳ן גיטען זִכָּרוֹן, און וויל לערנען! און פישעל הערט איהם, ווי ער זאָגט די גְמָרָא, פערריכט איהם, און דאָס האַרץ וואַקסט, קוועלט, די נְשָׁמָה פרעהט זיך — אַ וואויל יונגעל פרויקע! אַ צאַצקע!

געקומען פון באָד אַ פרישער, אַ צאַפּעלדיגער, כִּמְעַט אַ נייגע־בוירענער, נעהמט ער זיך קוֹדֶם צו דער יום־טוֹב־דיגער קְרִיאָה, טהוט אָן די שַׁבָּת׳דיגע קאַפּאָטע מיט׳ן נייעם גאַרטעל, און ער געהט מיט פרויקען אין שוהל אַריין. געקומען אין שוהל אַריין פליהען שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם׳ס פון אַלע זייטען: „בָּרוּךְ־הַבָּא אַ יוד, רֶב פישעל, וואָס מאַכט אַ יוד?" — „וואָס הערט זיך עפּעס אויף דער וועלט?" „וואָס הערט זיך

אין באַלטע?" — אַלע מאָל, אַלע האַלבע יאָהר דער אייגענער נוסח, נישט געמינערט אַ וואָרט. און ניסעל דער חזן שטעלט זיך אַוועק דאַווענען מעריב, צולאָזט זיך אויף זיין שטימע, וואָס געהט וואָס וויטער אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, און אַז עס קימט צו „וַיְדַבֵּר משֶׁה אֶת מוֹעֲדֵי ה' אֶל בְּנֵי יִשְׂרָאֵל"! — דערלאַנגט ער כמעט ביז'ן הימעל, און פרויקע שטעהט ביי דער זייט און דאַווענט, דאַווענט געשמאַק, און פישעל'ס האַרץ וואַקסט, קוועלט, די נשמה פרעהט זיך — איין עהרליך קינד פרויקע, אַ כשר'ס!

— גוט יום־טוב! גוט יום־טוב!

— גוט יום־טוב! גוט־יאָהר!

פאַרטיג דער גאַנצער סדר אויפ'ן טיש: די אַרבע כוסות, דער מרור, די זרוע מיט די ביצים מיט'ן חרוסת מיט אַלע זיעבעצעהן זאַכען. פאַרטיג די „עסע־בעט", צוויי בענקלעך מיט אַ גרויסען קישען. אַט באַלד ווערט פישעל אַ מלך, אַט באַלד זעצט זיך פישעל „על כסא מלכותו" מיט'ן ווייסען קיטעל אויפ'ן טראָן, און בת־שבע די מלכה מיט דער נייער זיידענער פאַטשיילע נעבען איהם, אפרים דער פרינץ מיט'ן נייעם קאַשקעט, און די פרינצעסין רייזעל מיט'ן צעפּיל אַקעגען זיי — און עס קלינגען פריש און פרעהליך די ווערטער פון דער הגדה.

---

# דער קדוש.

פון שלום עליכם.

ווי באַלד דער טאַטע האָט אָבגעמאַכט דעם קדוש און האָט צוריק אַריינגעזעצט זיך אין דעם עסעבעט, האָבען זיך אויפגעחאַפּט ביידע מיט אַמאָל, מיין שוואָגער דניאל און אונזער בעל־הבית הערשקע מאַמציס, און האָבען זיך אָבער באַלד ביידע צוריק אַנידערגעזעצט, געוואָרען רויט ווי פייער, זיך פערשעמט, אַ פּנים.

מאַכט דער טאַטע צו הערשקע מאַמציס אויף שטום לשון: (מחמת נאָך קדוש טאָר מען שוין נישט מפסיק זיין): „נו־אַ!" — דאָס הייסט, ער איז איהם מכבד, ער זאָל מאַכען פריהער קדוש; ענטפערט איהם הערשקע מאַמציס אויף דערזעלביגער שפּראַך: „אי־אַ" און בעווייזט מיט דער האַנד אויף מיין שוואָגער דניאל (אַ גראָבער יונג! ער מיינט, אַז ער טאָר שוין אויך נית מפסיק זיין!); רופט זיך אָן מיין שוואָגער דניאל

און מאַכט מיט'ן קאָפּ: „אי-אי", דאָס הייסט: איך ניט, לאָז איין אַנדערער מאַכען פריהער קדוש! מישט זיך אַריין „שוין איין מאָל משה" (ער האָט תּמיד ליעב אַריינמישען זיך!) און טהוט אַ מאַך מיט די הענד: „מי-אָ-נו?" דער פּשט איז: "מה נפשך, אָדער דער, אָדער יענער?" ענטפערט איהם דערויף דער טאַטע אַלץ אויפ'ן ווינק: „מע-אָ-אי!" דאָס הייסט: „אַז ניט דער און ניט יענער — טאָ מאַכט שוין איהר פריהער קדוש!"

איך ווייס ניט, וואָס פאַר אַ פריהליכקייט עס ליעגט פערבאָרגען אין דער דאָזיגער מימיקע, נאָר אויף אונז, קליינוואַרג, פאַלט אָן דערפון פלוצים אַ געלעכטער, און נאָך וואָס פאַר אַ געלעכטער! מיר שטיקען זיך שטילערהייד אין די קולאַקעס, האָבען מורא אַ קוק טהון איינס אויף דאָס אַנדערע, מע זאָל, חלילה, ניט אויסשיטען. נאָר וויפיעל קאָן זיך אַ מענש איינהאַלטען? אַ מענש איז דאָך ניט קיין אייזען, ובפרט אַז סע זיצען ביים טיש קיין עין-הרע אַזוי פיעל קלאַפּערס ווייסע חברה'ניקעס, וואָס קאָנען לאַכען, איז גענוג אַז עמיצער פון אונז זאָל געבען אַ חליפּ, אַ הוסט, אָדער אַ שלוקערץ, זאָל זיך דער איבעריגער חברה אויסווייזען, אַז דאָס האָט שוין איינער געוויס אויסגעשאָסען. אין אַזעלכע מאָמענטען, הערט איהר, איז געפעהרליך, מען שפיעלט זיך מיט פייער, וואָרום וואָס מעהר מען האָט מורא — מעהר לאַכט מען.

אַז גאָט האָט געהאָלפען, די מלכים האָבען שוין מיט גאָטס הילף אַלע אָבגעמאַכט קדוש און ס'איז געקומען צו אונז, קליינוואַרג, איז אויפגעשטאַנען הערשקע מאַמצי'ס בן, דער עלטערער, (אייזיק), און האָט אָנגעהויבען זאָגען דעם „סברי מרנן ורבנן ורבותי", אויף אַ מאָדנעם קול, גלייך ווי עמיצער ווארגט איהם, האָט דער יונגערער ברודער זיינער (איציק) אַרויסגעלאָזט אַ מין „קבי", האָט זיך דער דריטער (היליק) צולאַכט און דער קליינער (ישראל'יק) נאָך איהם, און נאָך זיי שוין מיר אַלע, און אייזיק אַליין אויך בתוכם און אַזוי איז ער זאַסטרעמפּעט געוואָרען אין מיטען, ניט אַהין, ניט אַהער, אַזש געוואָרען ברוין און בלוי, ס'איז געווען אַ רחמנות צו קוקען אויף איהם! איז אויפגעשטאַנען הערשקע מאַמצי'ס און האָט איהם אַרויסגעוואָרפען פונ'ם טיש און אַ מאַך געטהון צום אַנדערען (צו איציקען) ער זאָל אויפשטעהן מאַכען קדוש.

האָט זיך איציק אויפגעכאַפּט ווי אַ מזיק און אַ זאָג געטהון דעם אייגענעם „סברי מרנן ורבנן ורבותי" שוין אַ ביסעל צו הויך, צו גייציג, אַזוי אַז ער האָט זיך, אַפּנים, אַליין איבערגעשראָקען פאַר זיין

קול און האָט זיך געוואָלט צראָבלאָזען נידעריגער מיט א טאָן, האָט איינער פון דער חבֿריא א מאַך געטהון „שהיט!“, האָט שוין איציק דערפאַר נישט געקאָנט זאָגען א וואָרט, אַזוי שטאַרק האָט דאָס איהם געשטיקט. האָט ער, נעבעך, געחאַפּט פון זיין טאַטען, הערשקע מאַמצים, דעמזעלבען פסק, וואָס אייזיק, און אויף איציק׳ס אָרט איז שוין געשטאַנען דער דריטער (הילק).

דער דאָזיגער הילק האָט נאָר אָבגעזאָגט א האַלבען „סברי מרנן“, דעם „רבנן ורבותי“ האָט ער שוין נישט געקאָנט אַרויסזאָגען. איהם איז געפעלען געוואָרען גראָד אַצינד א קוק טהון אויף מיין שוואָגער דניאל׳ס קינדערלעך און דערזעהן, ווי די דריי האַלטען זיך ביי די נעזולעך, אָנגעבלאָזען די בעקלעך ווי די פּאַהירלעך, אָט אָט ווערען זיי צוזעצט.

און אָט אַזוי האָט איטליכער בעזונדער בעקומען פון הערשקע מאַמצים זיין פסק: געמוזט אָבטרעטען דעם אָרט איינער דעם אַנדערן ביז ס׳איז געקומען צו „איין מאָל משה׳ס“ קינדער (צו יואל׳יקלען מיט שואל׳יקלען). און אַז יואל׳יקעל האָט זיך אַוועקגעשטעלט מאַכען קדוש האָט ער שוין נישט געקענט אַרויסלאָזען אפילו דאָס ערשטע וואָרט „סברי“ און האָט זיך באַלד אויפ׳ן אָרט פערגאַנגען אויף טוידט. דעמאָלט איז אָנגעפאַלען א געלעכטער שוין אויף אַלעמען. עס האָבען געלאַכט גרויס און קליין: דער טאַטע און די מאַמע און „איין מאָל משה“ און אַלע ווייבער. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזען אין דער מינוט, אַז עס לאַכען די כוסות, די טעלער מיט די לעפעל מיט דער לאָמפּ, מיט די ווענד — אַלע און אַלעס האָבען געלאַכט.

---

# נאָך גרינס.

א ליעד פון אַבֿרהם רייזען.

נאָך צוויי־געליך, קינדער, אין וואַלד לאָזט זיך געהן —
און פרעהליך מיט ליעדער כּסדר,
אַזוי ווי עס וואָלט אויף דער וועלט ניט געוועזן
קיין רבי, קיין קאַנטשיק, קיין חדר.

נאָך צווייַגעלעך, קינדער, נאָך צווייַגעלעך געהט,
אוּן פּוּצט אויס די אָרימע שטיבּלעך;
דער וואַלד איז ניט ווייַט פוּנ׳ם שטעדטיל, ער שטעהט
אוּן קוּקט צוּ אייַך, ווינקט אַזוי ליעבּליך.

פערוואוּנדערט וועט יעדער דער אַלטער, דער וואַלד:
וואָס טהוּען דאָ יודישע קינדער? —
דערצעהלט איהם: ס׳איז שָבוּעוֹת — דערצעהלט עס איהם באַלד,

אוּן זאָל איהם ניט זייַן דאָס קיין וואוּנדער...

אוּן ווימט זיך וואָס ג׳ענגער, אוּן רייַסט וואָס מעהר אָן,
ניט האָט פאַר די טאַטעס קיין מוֹרָא:
הייַנט מעגט איהר אין וואַלד זייַן, מ׳וועט גאָרנישט אייַך טהאָן —
עס איז דאָך לִכְבוֹד דער תּוֹרָה!





# די נאכט פון שבועות.

פון דוד פינסקי.

דער הימעל איז געלעגען אויסגעשפרייט הויך, לויטער און יום-טוב'דיג. די לבנה האט געשיינט, שווימענדיג שטיל און פערטראכט, און אלע שטערנדלעך האבען איהר נאכגעקוקט און צוגעשמייכעלט איהר און געלאסצעט זי מיט זייערע זאנפטע שטראהלען.

און אונטען, אויף דער ערד, איז געווען א ווארמע פריהלינגס-נאכט, אנגעזאפט מיט גוטע ריחות. א נאכט פון לעבען און ליעבע און לוסט. עס האט זיך געאטעמט אזוי פריי, און א בענקעניש איז געלעגען אין דער לופט. א בענקעניש נאך לעבען און גליק. שטילערהייד האט די ערד געבליהט און בעהאלטען פון דער וועלט א זיסען סוד...

אבער די אידען פון שטעדטיל האבען גארנישט בעמערקט. פאר זיי האט נישט עקזיסטירט די שענע פריהלינגס-וועלט. די מענער זענען געזעסען איבער זייער תיקון: ווער עס איז אוועק אין דעם ענגען בית-המדרש און ווער עס זיצט אין דער שטיקענדיגער לופט פון דער שטוב. און די

ווייבער זענען בעשעפטיגט מיט אַלערליי געבעק: דער מאַן, נישט אויסגעשלאָפען און מיעד פון אַ גאַנצע נאַכט זאָגען, זאָל זיך גלייך אין דער-פריה דערקוויקען מיט אַ גלעזעל קאַפע און וואַרמען פלעצעל. די מענער ווי די פרויען איז הייס. אָבער זיי טהוען זייערס מיט התמדה און ראַנגלען זיך מיט'ן שלאָף און עס איז עפּיס ליעב, יום-טוב'דיג ליעב איך דער צער פונ'ם ניט-שלאָפען.

אַ זיסע פאַליע שמעקענדיגע לופט האָפט זיך ניט-בע-מערקט אַריין אויך אין ענגען בית-המדרש, און פרישט אַלעמען אָב, און דער עולם הויבט אָן העכער געשמאַקער צו זאָגען

פון די אָפענע פענסטער הערען זיך די זינגענדיגע קולות פון די תיקון-זאָגער: דאָס מונטער און קונדס'דיג און דאָס מיעד און שלעפעריג; צווישענווייס הערט זיך אַ הויכער געניץ אָדער אַ קול פון אַ בעשעפטיגטער פרוי. און אין דער לופט טראָגט זיך אַרום דאָס וואַרימע זומען פון דער שבועות-נאַכט...

---

# אין דער ווייט.

א ליעד פון א. רייזען.

עס ווילט זיך מיר לאָזען
די שטאָדט און דעם מאַרק
און אָטעמען פרייער,
און אָטעמען שטאַרק!
און לאָזען די הייזער
מיט טויערן אַרום,

און גייען, וואו ס'איז אָפען
און פריי אומעטום!

און גייען, וואו ס'איז אָפען
און ליכטיג און ריין,
און לאָזען די הייזער
פון ציגעל און שטיין!
און לאָזען די מויערן,
וואָס זענען מיר ענג,
און גייען אין דער ווייט,
אין דער ברייט, אין דער לענג!

און לאָזען די שטאָדט
מיט איהר שפּראַך און איהר גאַנג
און הערען אין וועלדער
דאָס פייגעל-געזאַנג.
און הערען, ווי ס'מורמעלט
מעלאָדיש דער קוואַל,
ווי ס'רופט אַזוי זאַנפטיג
אין לופט יעדער שאַל.

---

# דער יוד אין פעלד.

פון מענדעלי מוכר ספרים.

די זון איז געשטאַנען ביים עק הימעל, גרויס, רויט ווי אַ פייער און געזעגענענדיג זיך מיט דער וועלט פאַר דעם אַוועקגעהן אין איהר רוה אַריין, האָט זי געוואָרפען אַ בליק — איהרע מילדע גאָלדענע שטראַהלען, אויף גראָז, אויף בוימער, אויף בערגלעך און טאָלען. דער אָבגלאַנץ פון איהר ליכטיג פּנים אויף זיי האָט זיך אויסגעדאַכט עפּיס גאָר ווי אַ

שיינענדיג־פריינדליך שמייכעלע צווישען דעם מרה־שחורה׳דיגען שאָטען, וואָס אויף זיי אַלע האָט זיך אָנגערוקט, און אויפ׳ן הארצען איז געוואָרען עפּיס אומעטיג־פרעהליך, זיס־ביטערליך צו גלייכער צייט.

שמואליק — אָט דער טאַנדעטניק, וואָס אין שטאָדט אַרומיאָגענדיג זיך, ליעגט איהם די נשמה איינגאַנצען מיט אַלע געדאַנקען אין דער פּרנסה, קיין זאך געהט איהם נישט אָן, נאָר אַלץ ברויט, דאָס זינדיגע שטיקעל ברויט — אַצינד, דאָ אויפ׳ן גרינעם גראָז, אויף דער פריישער לופט, איז ער עפּיס ווי ניי־געבוירען. עס דערוועקען זיך אין איהם איידעלע געטליכע געפיהלען, די אויגען קוקען, האָבען הנאה פון גאָט׳ס שען וועלטעלע, די נאָז שמעקט זיסע טייערע ריחות פון טויזענדערליי קרייטעכצער; די אויערן האָרכען די וואונדער־שענע קאַפּעליע פון שפּיל־פייגעלעך, וואָס רופען זיך איינס מיט דעם אנדערען איבער אויף זייער לשון ערגיץ צווישען בלעטער פון ביימער, וואָס צוגיסען זיך אין שטייגער אויפ׳ן העלזעלע, פלאַטערענדיג מיט די פליגעלעך, זאָגען שירה און שפּרינגען „קדוש״ אויף דינע צווייגעלעך. שמואליקס נשמה חאַפּט זיך אויף ווי פונ׳ם שלאָף, דאָס פּנים איז איהם עפּיס ווי איבערגעביטען, ער קוקט און טראַכט: אוי, מחיה! טראַכט און פיהלט: אוי, ציהט עס עפּיס, ציהט דאָס הארץ! עס גלוסט זיך, ווילט זיך עפּיס, אליין נישט צו וויסען וואָס!...

געהענדיג אַזוי אויפ׳ן שטעגעלע, גיט זיך איהם אַ ווייז אַקעגען אין וואַלד אַ גרינער, פריישער פּלאַץ, געהילט אין אַ טונקעלען מאַנטעל פון שאָטען מיט ליכטיגע, העל־גאָלדענע שטרייפעלעך. ער טהוט זיך דאָרט אַ וואָרף און ציהט זיך אויס אויף דעם סאַמעט־ווייכען גראָז.

שמואליק ליגט מיט פערטראַכטע אויגען, זיינע גלידער, פיהלט ער, ווערען שווער, עפּיס ציהט איהם די ערד שטאַרק צו זיך, ווי זי ציהט איהם אַרויס די אַלע ווערטאָגען — און אַקעגען־זשע אויף דער נשמה ווערט איהם גרינג, מחיה גוט, אַ ווייך, אַ רוהרענדיגס גרעזעלע גלעט איהם די נאָז, די באַקען, נאָך איינס קיצעלט איהם אונטער׳ן קאָלנער, הינטען־אַרום, און האַלז און נישט וויט פון צווישען גראָז טוקעט איהם אַ גרילכענדיל און די אויערן אַריין. עס דערצעהלט אַ מעשה, עס זינגט אַ ליעדעל, פערוויעגט און פערשלעפערט איהם ווי אַ קינד.

# די נאַטור.

א ליעד פון ש. פרוג.

ליכטיג שיינט דער אָווענד־שטערען;
שאָטענס ליעגען אויף די פעלדער,
פייכטע קיהלקייט וועהט און גיבט זיך
פון די גערטנער, פון די וועלדער.

און די גרויסע, אַלטע בוימער
שאָקלען מיט די גרינע בלעטער,
און מיר דאַכט זיך, אַז זיי רוישען:
„— ועה, ווי פריש איז דאָ דאָס וועטער!"

„טראָפּענס טהוי, ווי פּערעל, גלענצען
אין די לעצטע אָווענד־שטראַהרען,
אין די פייכטע גרינע טהאָלען
שלאָגען פרישע, קאַלטע קוואַלען...

„קום אַריין אין וואַלד! מיר וועלען
דיך ערפרישען און ערקרעפּטען,
ווי מיט ווייכע, גרינע פעדים
דיך בעשפינען און בעהעפטען...

„מיט אַ שטילען, זיסען דרימעל
וועלען מיר דיין האַרץ בעוועהען.
מיט אַ ליעבען, זיסען חלום
דיך ערקוויקען און ערפרעהען...

# זומער־רעגען.

פון שלום אַש.

די שטיקלעך אָבגעריסענע וואָלקען האָבען זיך צוזאַמענגעהעפטעט אין איינעם מיט דעם צווייטען, און עס שוועבט אַ ליכטער פאַנסער איבער דעם הימעל. טייל ערטער איז דער פאַנסער דורכגעריסען און פון די אויפגעריסענע ערטער גלענצט עפּעס, ווי בעשטויבטע ליכט אַזוי ווייך, און פערהילט אַזוי קושענדיג די ליכטיגע רייזענדיגע וואָלקען.

אַ רעגען וועט זיין!

אַ שטילע ליבע אֵימָה הערשט איבער אַלץ, די גרעזער בויגען די קעפּ איין און רויקען אין דער שטיל איינס צום אַנדערען: „אַ רעגען וועט זיין!" פון ערגעץ ווייט קומט אַ פויגעל אָן צו פליהען און פליהט מיט רַעַשׁ אַדורך, אַנזאָגענדיג: אַ רעגען וועט זיין! און דאָרט אין פעלד שאָקעלט זיך דער בוים, די צווייגען רוישען מיט אֵימָה...

און די פעלדער ציהען זיך, גלאָצען אין הימעל אַריין: הַקָדוֹשׁ בָרוּךְ הוּא, מיר זענען גרייט אָנצונעהמען דיין גוטס, וואָס דו שיקסט אונז!

דאָרט ווייט דערהייבט אַ ווינט דעם שטויב.

עס הויבט אָן ליכט צו טריפען, די ערד זאַפּט איין די טראָפּען.

עס טריפט, און די טראָפּען בלייבען הענגען אויפ'ן גראָז ווי גוטע טרעהרען... און פערוואָלקענט איז דער הימעל נור פון איין זייט; אויף דער צווייטער זייט שמייכעלט די זון מיט אַ גוט געלעכטער'ל...

עס הייסט: זעהט, וואָס זיין ליעבער נאָמען קען!

עס הערט זיך אַ ווייטער דונער... גלייך פוהרען וואָלטען דורכגעריבען אויף אַ הארטען וועג.

---

די וואָלקען ציהען זיך ערגעץ אַוועק, דער הימעל ווערט קלאָר, די נאַסע פעלדער שמייכלען צום הימעל און דאַנקען פאַר דער שֶפַע...

און איבער דעם קלאָרען הימעל מיט בלאָהע פּערטונקענע וואָלקען בויגט זיך אויס אַ גאָלדענער רעגענבויגען מיט בלאָהע קאַנטען. „גאָט איז באַרמהערציג, ער האָט זיך דערמאָנט"... — זאָגט דער הימעל און טריקענט די ערד מיט ליכטיגער ליעבשאַפט, ווי אַ מאַמע ווישט אָב די בעקלעך פון אַ פערוויינט קינד...

---

# דאָס געבעט.

אַ ליעד פון אַבְרָהָם רייזען.

עס הערט זיך דער דונער פון ווייטען,
עס בלענדט אין די אויגען דער בליץ; —
אָ, גאָט! האָב רַחֲמָנוּת, די אָרימע
פון בייזען געוויטער בעשיץ.

וואָס אַרבייטען יעצט אויף די פעלדער,
געפינען זיך וויט פון דערהיים
און האָבען קיין אָרט וואו זיך שיצען,
קיין שייער, קיין דעכיל, קיין בוים!

וואָס זענען אַצינד אונטערוועגענס,
די פוהרען מיט מַשָׂא פערלעגט
און וויט איז פאַר זיי נאָך אַ קרעטשמע,
און ווערען פון רעגען צעווייקט.

וואָס שטעהען אין מאַרק מיט די קוישען,
מיט עפיל, מיט גרינס און מיט ברויט, —
און אַלע, וואָס זענען איצט דרויסען,
וואָס טרייבט זיי דער הונגער און נויט.

און אַלע, וואָס זענען פערוואָגעלט,
וואָס ד'ערד גיט קיין ווינקעל זיי ניט, —
די אַלע פון בייזען געוויטער
בעשירמע זיי, גאָט, און בעהיט!

# דער יודישער סאָלאָװײ.

פון מענדעלע מוכר ספרים.

נישט דער סאָלאָװײטשיק, דער זיסער װאַלד-זינגער פאַר אַ װעלט מענשען, נישט ער איז דער משורר פאַר יודישע קינדער; נישט פאַר זײ שפּיעלט ער זײנע שענע לידער װעסנע-צײַט אין „ספירה", אויפװעקענדיג דערמיט אין לײַטישע הערצער געשמאַקע געפיהלען פון ליעבשאַפט — נײן! דעם יודענס סאָלאָװײטשיק איז דער בעל-תפלה, געפיהלען פון ליעבשאַפט װעקט ער אין איהם אויף מיט דעם װאונדערשענעם „אתה זוכר" און זיסע ליעבליכע װערטער פון די הײליגע נביאים. דעם יודענס ליעבשאַפט איז געטליך רײן, האָט נישט, װי גאָט, קײן בילד, קײן געשטאַלט, ער ברענט, ער איז פערקאָכט, ציהט זיך פאַר גרויס חשק מיט אַלע זײנע געדאַנקען אַהין, אַהין — צו דער הײליגער שכינה דאָרט אין הימעל...

„כה אמר ה'!" אַזױ זאָגט גאָט, שרײַט אויס הויך אויף אַ קול דער בעל-תפלה: „זכרתי לך חסד נעוריך", אױ געדענק איך דיך, כנסת ישראל, דאָס גוטסקײט דײַנס אין דער יוגענד, אהבת כלולותיך, די ליעבשאַפט דײַנע כלה-װײַז, לכתך אחרי במדבר, דײַן שפּאַציערען-געהן מיט מיר אין דער מדבר, בארץ לא זרועה, ערגיץ אין אַ העק עפּיס דאָרט. — עס גיט דעם יודען אַ בריה, אַ צופּ בײַם האַרצען, ער צאַפּעלט, פלאַטערט, שטרעקט אויס די הענד מיט אַ הײס געבעט טיעף פון דער נשמה: אַי-אַי גאָטעניו. ליעבער, זיסער רבונו של עולם! —

און אײדער נאָך ער קומט צו זיך, צװײנט זיך דער בעל-תפלה, צוגיסט זיך און לאָזט אַרויס אין זיסען רירענדיגען שטײַגער: „הבן יקיר לי אפרים, אַ טײַער זוהנדיל איז מיר אפרים-לעב, אם ילד שעשועים, אַ קינד אַ טרײסט, כי מדי דברי בו, װען איך רעד פון איהם, זכור אזכרנו עוד, קומט ער מיר אויפ'ן זינען אַלץ מעהר. על כן המו מעי לו, דאָס האַרץ געהט מיר אויס נאָך איהם, רחם ארחמנו נאם ה', אַ גאָט'ס רחמנות, נעבעך, אויף איהם". — מײַן יודעלע שטעלען זיך אין די אײגעלעך טרעהרען, מאַכט פּיסקעלעך װי אַ קינד, עס װײנט אין איהם דאָס הערצעלע און פּיעסטעט זיך, אױ, טאַטעניו! הײליג, ליעבהאַרציג, געטרײַ פאַטערל!...

דעריבער פערזאַמלען זיך, ווי די בינען, אַז זיי דערשמעקען ערגיץ האָניג, רעדלעך יודען הינטער די פענסטער פון לייזער־יאַנקיל׳ס שטוב, וואו ער אַרבייט געשמאַק אין „וּנְתַנֶּה תּוֹקֶף״ און נאָך אַזעלכע גוטע שטיקלעך. לייזער־יאַנקיל זעצט ווערטער, צוגיסט זיך אויפ׳ן העלזעלע אין שטייגער, איבערגעהענדיג פון דער געמבע אין אַ ביי־קוֹל, און העראַשעלע ענטפערט איהם אָב אויף אַ קוויטש.ביידע האָרעווען, געהען אָב מיט שווייס, קוֹלוֹת אַלערליי פליהען דאָס פון איטליכען בעזונדער, איינער נאָכ׳ן אַנדערען כְּסֵדֶר און דאָס אויסגעמישט אינאיינעם, דרעהעלעך מיט אַ צוק אַהער און אַהין, דער אַ קוועטש אַראָב, ברומענדיג מיט אַ פרעג אויף דער גראָבער סטרונע, יענער אַ הייב פון אונטען אַרויף, אויסקוויטשענדיג אַ ענטפער אויפ׳ן גליינקיל. די העלזלעך אַרבייטען בים־באַם־בים — און יודען הינטער די פענסטער זענען זיך מְחַיֶּה הערענדיג.

אַזוי קנאַקט דער קאַבצאַנסקער סאָלאָווייטשיק, שפּיעלט זיינע טרויערדיגע־זיסע נִגּוּנִים אין די אָוועַנדען פון אֶלוּל...

---

# אַ אֶלוּל־טָאג.

פון מענדעלי מוֹכֵר סְפָרִים.

קוים וואָס הערשעלע האָט דערלעבט טאָג, איז ער געשווינד אויפגעשטאַנען, אָבגעגאָסען נעגעל־וואַסער, געכאַפּט דאָס תְּפִלִּין־זעקעלע, דורך וועלכען דאָס מַזָּל זיינס איז איהם אַזוי דערהויבט געוואָרען, און געלאָפען אין בֵּית־מֶדְרָשׁ, אין דער גיך אָבדאַווענען. אויסערדעם האָט ער טאַקי נאָך געהאַט עטליכע נויטיגע געשעפטלעך, וועלכע ער האָט בעדאַרפט מיט זיינע חֲבֵרִים דאָרט אָבאַרבייטען. די חֲבֵרִים זענען אויך בייצייטענס געקומען אין בֵּית־מֶדְרָשׁ אַריין, ווייל דער חוֹדֶשׁ־אֶלוּל, ווי איטליכען איז בעקאַנט, איז איבערהויפּט אַ צייט, ווען פאַר יונגלעך שטעלט זיך דער גרויסער יְרִיד, און אַבי געזונט, מיט אַרבייט האָט מען ניט צו זאָרגען, געשעפטען זענען, בָּרוּךְ־הַשֵּׁם, דאָ איבער׳ן קאָפּ: מען בעדאַרף דערטאַפּען מיט קונצען דעם שׁוֹפָר און זיך פּרובען בלאָזען הינטערוויילּיכטס דאָרט אין דער ווייבערשער שוהל: דערביי מוז מען פיהרען די גאַנצע תַּכְסִיסֵי מִלְחָמָה מיט דעם שַׁמָּשׁ, וואָס ער איז דענסטמאָל דערצאָרענט און בייז ווי צעהן רוּחוֹת. אויך בעדאַרף מען זיין אויפ׳ן הייליגען אָרט, אויפ׳ן פעלד, ס׳איז דאָך דאָרטען

עבים דאָ אַ בוים מיט כּל־נדרי־באַרלעך. היינט איז דאָך אויף דער וועלט עפּיס אויך דאָ אַ וועלדיל מיט ניט־ביימער, ערשט צייטיג געוואָרענע, מען מוז געהן דייטען, אָנשטאָפּען פולע פּליודערען. געלויבט איז גאָט, וואָס אונטער אַזאַ צייט מיט אַזוי פיעל וויכטיגע געשעפטען איז מען נאָך האַמטש פריי, פּטור פון לערנען.

אַ טאָג איז דענסטמאָל געווען זעהר אַ שעהנער, ווי עס גיט זיך אוים אַמאָל אין אלול, איינער פון די געשענקטע טעג. נאָך גאַנץ פריה האָט פון איהר געצעלט דאָרט ביים עק הימעל אַרויסגעשיינט די זון מיט איהר ליכטיג פּנים און, צוטריבענדיג ביסלעכווייז דעם פריש־קיהלבליכען טומאַן, זיך געשפּיגעלט אין טוי־טראָפּענס, וואָס האָבען געפינקעלט, געשפּיעלט אין אַלערליי קאָלירען ווי די בריליאַנטען. די שאָטענס רוקען זיך מיט דרך־ארץ טריט־ביי־טריט אַלץ צוריק און וואָס ווייטער, ווייטער ווערט העלער און העלער. פריילעך סווישצען די וואָראָבייטשיקעס, אונטערשפּרינגענדיג מיט די דינע פיסלעך אויף די דעכער, אויף די פּלויטען, דאָס — צונויפלויפען זיי זיך פּעקליכווייז אינאיינעם, עפּיס האַמפּערט מען זיך איבער אַ קערנדיל, עפּיס שמועסט דאָ קהל איבער וועג'ן ווייערם אַ וויכטיגע זאַך און דאָס — צולויפען זיי זיך אין באַזונדערע פּאָרלעך, טאַנצענדיג איטליכער אַקעגען זיין בעשעהרטער, וויטען זיך, האַלזען זיך, ליבען זיך, צאַפּלען, פּלאַטערען מיט די פליגעלעך — און פיק, פיק אין קעפּיל... מאַכענדיג לויפען ראַפּטאָם ציגען פון אַלע געסלעך אַהין, וואו עס בערקלייבט זיך די טשערעדע, פון דאָרט געהט זי אויפ'ן גאַנצען טאָג אַוועק אין פעלד אַריין. די פערשייטע ציגען, די עקצים, שפּרינגען רעש'ענדיג בעררייסען די ווייטעלעך העט פאַראויס, די קיה ריהרען זיך פּאַמעליך מיט סטאַטיק, נישט געאיילט, צוגייענדיג מיט די קעפּלעך, ווי פיינע בעל־הבית'טעס, רוהיג, שטיל, נאָר עטליכע פערדרעהען אַהינטען די קעפּ און לאָזען אַרוים ווי פון אַ צעשפּאָלטענעם שופר אַ הייזעריגען, אַ קריש־נאַרישען „מע“ גלאַט אַזוי זיך, אַ גרוים גאַר פריינדליך דעם גאַנצען שטעדטיל יודען, אָדער „אַ זיי־געזונד“ די פעריבליבענע קעלבלעך. שאָקלענדיג זיך פון איין זייט אויף דער אַנדערער, פיהרט דער גאָנער זיין גאַנץ געזינדעל יונגע געזולעך, וואָס ערשט אַריין אין די פעדערען, בלאָזט פון זיך אַ שרעק, גאַגאַטשעט, שטרעקט דעם האַלז, פערוואַרפענדיג מיט'ן קעפּיל און לאָזט זיך מיט דער קאָמפּאַניע אַראָב אַהין צום וואַסער.

דער טאָג איז שוין, ליכטיג, ווי הערשלען אויפ'ן האַרצען. הערשעלע שפּיליעט־אויף געהענדיג דאָס קאַפּאָטקעלע, שטרעקט אוים די

הענד האַפּען די לאַנגע שניי=ווייסע פּעדים, וואָס טראָגען זיך אַרום אין דער לופט ווי דינע שפּינוועבס; פּערקוקט זיך אויך אויף די טויבען, וואָס שוועבען, דרעהען זיך העט אין דער הויך מיט אויסגעשפּרייטע פליגע-לעך, ריין=קלאָר גלאַנצענדיגע, גאָלד און זילבער — און ער האָט הנאה, ס'איז איהם עפּיס גוט, גרינג אויף דער נשמה. ער פיהלט, אַז היינט איז ער גליקליך. די געשעפטען זיינע האָט ער, געגלויבט איז גאָט, אָבּ-געאַרבייט נאָך בעסער ווי געוואונשען. ער איז פריי, ס'איז יום=טוב'דיג גוט אַרום און אַרום. רבונו של עולם! טראַכט ער — און די אויגען בענעצען זיך איהם פאַר פיעל פרייד — איך דאַנק דיר און לויב דיר פאַר דיינע חסדים. נו, מען בעדאַרף זיך נעהמען צו דיין דיענסט: פרום זיין, לערנען, דאַווענען געשמאַק — זיין אַ יוד.

---

# הושענות.

אַ ליעד פון ש. פרוג.

אַ ליעבער גאַכט איז דאָ ביי אונז —
הושענא=רבה איז געקומען!...
אַ גרוס דיר, אַלטעס פאָטערלאַנד,
מיט דיינע פּרות, צווייגען, בלומען!
אַ גרוס אייך, פעלדער, גאָרטענס, לופט
און שיין און וואַרימקייט! אַ זיסען,
אַ ליעבען גרוס אייך, באַרג און טהאָל,
וואו וועלדער רוישען, טייכען פליסען,
וואו ליעדער קלינגען ווי אַ קוואַל,
און קוואַלען קלינגען ווי די ליעדער!...
ווי זיס איז אונז דיין לופט און ליכט
האָטש פון דערווייטען פיהלען ווידער,
איין טראָפּען האָטש פון אַלטען גליק
זאָל היינט דערפרישען אונזער גומען...

## אַ גרוס דיר, אַלטעס פאָטערלאַנד,
## מיט דײַנע פּרות, צווײַגען, בלומען!...

# די פאָהן.

פון שלום עליכם.

א.

אַז איך בין געווען אַ קלײנינקער יונגעלע, אַזוי ווי איהר, האָט מען מיך גערופען „טאָפּילי טומאַריטומי”, דאָס הייסט „קאָפּעל קוקאַריקו”. ווייסט איהר פאַרוואָס? ווײַל, ערשטענס, האָב איך געהאַט אַ דין קוויטשיג קול'כיל ווי אַ יונג האָהנעכיל, וואָס האָט נור וואָס אָנגעהויבען צו קרייהען, און, צווייטענס, האָב איך ניט געקאָנט אויסרעדען קיין „קוף” און קיין כּף און קיין „גימל”, און ווי אויף צו להכעיס האָט מיין טאַטע בעדאַרפט הייסען קלמן, מיין מאַמע — גיטל־קלמנ'ס, איך — קאָפּיל גיטל־קלמנ'ס און דער רבי — גרשון־גאָרגעל דרדקי פון גאַלאַגאַניווקע.

— יונגעל! ווי אַזוי רופט מען דיך?

— מיך? טאָפּיל דיטיל טלמנס.

— העכער אַ ביסעל.

— טאָפּיל דיטיל טלמנס...

— נאָך העכער.

איך שרײַ הויך, אויף אַ קול:

— טאָ־פּיל! די־טיל טל־מנס!

— און בײַ וועמען לערנסט דו?

— בײַ וועמען לערין איך — בײַ דרשון דאָרדעל דרדטי פון דאַלאַ־דאַניווטע!...

דער עולם לאַכט.

דער עולם לאַכט און איך וויין.

איך וויין ניט פון דעם, וואָס מע לאַכט פון מיר, נאָר דערפאַר וואָס מע שלאָגט מיך. אַזעלכער, וועמען עס האָט גאָט אין האַרצען, דער שלאָגט מיך: דער טאַטע, די מאַמע, די שוועסטער, דער רבי, די תלמידים. מע לערנט מיך, איך זאָל רעדען „ווי אַ מענש”...

II.

האָבען אויף שׂמחת־תּוֹרה אַ פאָהן, טאַקי וואָס אַ פאָהן הייסט, אַ פאָהן מיט אַ שטעקיל, פון אויבען איין עפּעל, אינ׳ם עפּיל אַ ליכטיל — דאָס האָט ביי מיר דערמאַלט אויסגעוויזען אזאַ גליק, אזאַ גליק, וואָס איך האָב גאָר מוֹרא געהאַט טראַכטען פון דעם. קאַרג גוטע זאַכען איז פאַראַן אויף דער וועלט? לְמַאי ס׳איז פאַראַן אַ זעלכע יונגליך אין חֶדר, וואָס פערמאָגען געלד אויף צו קויפען אַ מעסעריל, אַ בײטעלי, אַ שטעקעלי? לְמַאי ס׳איז פאַראַן יונגליך אַ זעלכע, וואָס עסען ווייסע בולקע אינדערוואָכען... אזאַ מַזל!

אוי, קינדערלעך, איך האָב קיין ווייסע בולקע אינדערוואָכען קיינמאָל נישט געגעסען! איך בין גערן געווען, אַז איך האָב געהאַט שוואַרץ ברויט צו זאַט, מַחֲמַת מיר זענען געווען, נישט פאַר אייך געדאַכט, ביטערע אָרימע לייט, אֶבְיוֹנִים, האָטש אַלע האָבען ביי אונז געהאָרעוועט: דער טאַטע, עָלָיו־הַשָּׁלוֹם, איז געווען אונטער־שַׁמָשׁ אינ׳ם אונטערשטען קלייזעל פון דער קַצבּ׳ישער קלויז, די מאַמע, עָלֶיהָ־הַשָּׁלוֹם, איז געווען אַ בֶּרְיָה אויף באַקען קאָרענעס לעקיך און די שוועסטער האָבען אונטערגעאַרבייט זאָקען.

איהר מעגט מיר גלויבען בֶּנֶאֱמָנוּת, איך האָב נישט געוואוסט דעם טַעַם, וואָס הייכט אָבעסען אזוי, אַז איך זאָל טאַקי באַלד ניט קאָנען עסען נאָך אַמאָל.

היינט ווער שמועסט האָבען ביי זיך אין קעשענע אַ קאָפּיקע, איין אייגענע קאָפּיקע — דאָס האָט זיך מיר אֲפִילוּ ניט געחָלוֹמ׳ט.

און שטעלט אייך פאָר, אַז איך קאָפּיל קוקאַריקו, ווער מיט אַמאָל אַ גְבִיר און בעקום מיין אייגענס צוויי און צוואַנציג קאָפּיקעס!

אֶפְשַׁר מיינט איהר אַנֶם — אַ פְּרִיץ האָט פערלאָרען און איך האָב געפונען? האָט איהר דַוְקא נישט געטראָפען. אָדער טאָמער רעכענט איהר, איך האָב זיי גלאַט אזוי ערגיץ דערטאַפּט, אַרויסגעגַנבֿ׳עט, חָלִילָה, פון אַ פושקע? גאָט זאָל אייך היטען פון אזאַ מַחֲשָׁבָה! איך האָב זיי, שווער איך אייך, פערדיענט, כָּשֵׁר פערדיענט, פערהאָרעוועט מיט מיינע אייגענע... פיס.

דאָס איז געווען פּוּרִים, האָט מיך דער טאַטע געשיקט, איך זאָל צוטראָגען דעם שְׁלַח־מָנוֹת צווישען די בַּעֲלֵי־בָּתִּים פונ׳ם אונטערשטען קלייזיל פון דער קַצבּ׳ישער קלויז. פריהער פלעגט צוטראָגען דעם שְׁלַח־מָנוֹת איינע פון מיינע עלטערע שוועסטער, און איצט, אַז איך בין

שוין אַ ביסעל אונטערגעוואַקסען, האָט דער טאַטע געזאָגט, אַז איך מעג שוין אויך זיין אַ שטיקעל הילף. האָב איך גענומען דאָס שעלעכיל מיט'ן פלעדיל, אַרומגעטראָגען דאָס פון שטוב צו שטוב צווישען אַלע בַּעֲלֵי־בָּתִּים פּנים אונטערשטען קלייזיל פון דער קצבישער קלויז, געקנאַטען מיט די באָרוויסע פיס די קאַלטע גליטשיקע בלאָטע, און פון די גראָשענס, וואָס מע האָט מיר געשענקט כּמעט'ן ווער, האָב איך געמאַכט אַ זילבערנעם פערציגער מיט פיער גראָשענס.

איז געבליבען ביי מיר, איך זאָל איבערלאָזען פון דעם געלד אָם יִרְצֶה הַשֵּׁם, אויף סֻכּות, — זיך קויפען אַ פאָהן.

III.

נאָט האָט געהאָלפען, דער סֻכּות איז געקומען און איך האָב מיר געקויפט אַ פאָהן, אַ גרויסע, אַ געלע, אַ „צווייזייטענדיגע“.

פון איין זייט זענען געווען אויסגעמאָלט צוויי חַיּוֹת, וואָס האָבען געהאַט אַ פְּנִים פון קָצָב, נאָר בֶּאֱמֶת זענען זיי געווען לייבען מיט אָפענע מיילער און מיט לאַנגע צונגען. אויף די צונגען ביי זיי זענען געוועזען אויפגעשטהון פייפליך, אַ פָּנִים שׁוֹפָרוֹת, מַחֲמַת ס'איז געשטאַנען אָנגעצייכענט מיט גרויסע אותיות: בַּחֲצוֹצְרוֹת וְקוֹל שׁוֹפָר.

אונטען, אונטער די לייבען, איז געשטאַנען אויפגעשריבען פון דער רעכטער האַנד: דֶּגֶל מַחֲנֵה יְהוּדָה. פון דער לינקער האַנד: דֶּגֶל מַחֲנֵה אֶפְרָיִם.

דאָס האָט איהר ערשט איין זייט פאָהן. אויף דער אַנדערער זייט איז געווען נאָך שענער. דאָרט זענען געשטאַנען אויסגעמאָלט די פּאָרטרעטען פון משֶׁה מיט אַהֲרֹנ'ען, פּינקטליך, ווי לעבעדיגע. משֶׁה מיט אַ גרויסען דאַשעק אויפ'ן שטערען, און אַהֲרֹן מיט אַ גאָלדענער רייף אויף דער געלער פאַטלע. און מיטען, צווישען משֶׁה מיט אַהֲרֹנ'ען, אַ גאַנצע חאַליאַסטרע יודעליך, געפּאַקט איינס אויף דאָס אַנדערע, מיט תּוֹרה'ליך אין די הענד. אַלע האָבען זיי איין פָּנִים, גלייך ווי איין מאַמע האָט זיי געהאַט; אַלע מיט לאַנגע אַלץ איינע קאַפּאָטקעלעך, אַלע מיט שיך און זעקליך און אַלע מיט גאַרטעליך. די יודעליך הויבען פיס און זינגען: שִׂישׂוּ וְשִׂמְחוּ בְּשִׂמְחַת תּוֹרָה.

בעקומען אַ פאָהן, בעדאַרף מען קריגען אַ שטעקיל צו דער פאָהן. דאַ מוז מען שוין אָנקומען צו רֶב זַלְמֶן דעם סטאָליר.

— וואָס וועכט דו עפּיס זאָגען, „טאַפּילי טוטאַריטוטו“?

— אַ שטעטיל צו דער פאָהן ...

— וואָס הייסט — זאָגט ער אַ שטעטיל?

— אַ שטעטיל — זאָג איך — פון אַ שטיקעל האָלץ, מע זאָל טאָנען טראָגען די פאָהן.

רֶבּ זַלְמֶן טרייבט מיט מיר זאַזוי לאַנג קאַטאָוועס, ביז איך צעוויין מיך. דערמאָלט ווערט ער וויך, וואַרפט אַוועק אַלע אַרבייט, נעמט אַ שטיקעל האָלץ, אַ שניץ אַהער, אַ שניץ אַהין — פאַרטיג.

אַצינד פעהלט מיר נור איין עפּעל מיט אַ ליכטיל. געוויינטליך, פון וואַקס ניט פון חֵלֶב, וואָרום חֵלֶב, אַז עס ווערט אַרויפקאַפּען אויפ'ן עפּעל איז פערפאַלען דער עפּעל, מע וועט איהם נאָכדעם ניט קאָנען עסען... אָבער וואַקס מאַכט ניט אויס, וואַקס איז כָּשֵׁר...

נו, און וואַקס איז דאָך ביי מיר פאַראַן מעהר ווי ביי אַלע יונג־ליך. אַדְרַבָּה, אַ יונגעל, אַז ער בעדאַרף אַ שטיקעל וואַקס צו וועמען קומט ער אָן? צו מיר! וואָרום מיין טאַטע איז דאָך אונטער־שַׁמָשׁ אין אונטערשטען קלייזעל פון דער קַצָבִ'ישער קלויז, איז וואָס עס בלייבט נאָך יוֹם־כִּפּוּר פון די ליכט געהער צו איהם — דאָס איז זיין הַכְנָסָה. ער שמעלצט דערפון „שַׁמָשִׁים" צו די חֲנוּכָּה־ליכטלעך, הַבְדָלוֹת און סטאָטשיקעס, און וואָס עס פאַלט אַראָב פון די הַבְדָלוֹת מיט די סטאָטשיקעס געהער צו מיר — דאָס איז מיין הַכְנָסָה.

הַקִצוּר, איך האָב אַלסדינג. וואָס מע בעדאַרף!

IV.

אַריינגעזעצט די פאָהן אינ'ם שטעקיל, אויפגעפּאַסט אויפ'ן שפּיץ אַ רויטען עפּעל און אָנגעצונדען פון אויבען דאָס וואַקסען ליכטיל, לאָז איך מיך שְׁמִינִי עֲצֶרֶת אויף דער נאַכט אין שול אַריין צו די הַקָפוֹת לעבעדיג פרעהליך, ווי אַ גליקליכער פרינץ, ווי אַ בֶּן מֶלֶךְ, וואָס קיינער איז צו איהם ניט גלייך.

עס שטעלט זיך מיר פאָר, אַז איך בין שוין אין שוהל אויבען אויף דער מִזְרָח־באַנק מיט אַלע בַּעֲלֵי־בָּתִּי'שע קינדער. די ליכט ברע־נען. מיין פאָהן איז שענער פון אַלע פאָהנען. מיין עפּעל איז רויטער פון אַלע עפּעל. מיין ליכטעל איז גרעסער פון אַלע ליכטלעך. אין שוהל איז איין איינגעשאַפּט, אַ היץ מיט סַכָּנוֹת נְפָשׁוֹת. ווייבליך און מיידליך אַ סַך זענען געקומען קושען די תּוֹרָה. אָט געהט רֶבּ מֶלֶךְ דער חַזָן מיט'ן צולאָזטען טַלִית אויף צופריהער, ווי אַ פעלדמאַרשאַל. נאָך איהם—די

בעלי-בתים. רב מלך ציקעלט זיך און זינגט אויף זיין בלעכענער שטימע: „עו — זר ד — — — לים הושיעה נא!" די ווייבליך מיט די מיידליך שפרינגען אין פנים אריין, קושען די תורות און שרייען מיט א קוויטש: „דערלעבט איבער א יאהר! דערלעבט איבער א יאהר!" — גם אתם! גם אתם!

V.

— מזל-טוב! מאַפּילי מיטערימיטו האָט א פאָהן! שלום-עליכם א גוטער יוד, א האַלבען פנים איבגעבריהט...

מיט אזא ברייטען ברוך הבא האָבען מיך חברה קונדסים בעגעגענט, אז איך בין געקומען אויפ'ן שול-הויף מיט מיין פאָהן.

איך בעטראַכט אַלע פאָהנען: און וואַרף א קוק אויף מיין פאָהן — ווער? וואָס? וועמען? ווי קומען זייערע פאָהנען צו מיין פאָהן?

ערשטענס די פאָהן אליין ביי קיינעם שטעהט זי ניט אזוי גלייך אריינגעזעצט אין שטעקיל, אז מען זאָל ארויסזעהן ביידע זייטען. ביי קיינעם איז ניטאָ אזא גלייך, קיילעכיג, געשטאָקט שטעקיל. ביי קיינעם איז ניטאָ אזא רויטער גלאָטיר עפעל. ביי קיינעם איז ניטאָ אזא שען געראַטען ליכטיל, וואָרום ווער פערמאָגט אזוי פיעל וואַקס ווי איך? ווער האָט געכאַפּט אזוי פיעל פעטש מיט סטוסאַקעס ווי איך, בשעת דער טאַטע האָט מיך געכאַפּט אין פּאַלעש אונטער דער באַנק קלויבען די שטיקליך וואַקס פון די צושמאָלצענע יום-כפור'דיגע שטיקלעך ליכט?... איך מאַך א פערגלייך צווישען מיין פאָהן און צווישען די אַלע איבריגע פאָהנען — און מיין הארץ ווערט פול מיט גדלות. עס מאַלט זיך מיר אויס, אז איך וואַקס און וואַקס העכער און העכער, לייגער און ברייטער. די פיס טראָגען מיך. עס גלוסט זיך מיר לאַכען, שרייען, קוויטשען, האַפּען א טענציל...

---

# ווינטער.

דער ווינטער קומט מיט זיינע שטאַרקע קעלטען,
מיט זיינע שניי און זיינע פרעסט, —
מיט זיינע אונגעבעטענע געסט

פון טויטע וועלטען.
ער קומט, דער קאַט, און פרעסט
אַרויס פון בוים די קראַפט;
פון גראָז די זאַפט,
פון בלום איהר פאַרב;
תכריכים שפרייטען מיט אַ מאָל
זיך אויס אויף בערג און טאָל.
עס פאַלט
אַ טויטער שלאָף, אַ טויטע נאַכט
אויף אַלץ, וואָס וואַכט.

ווי לאַנג צוריק פלעגט פון די בערגער פליסען
דער קלאָרער שטראָם? ווי לאַנג צוריק פלעגט גריסען
די נייַע זון דער פרייער וועלט? אַצינדער
איז די נאַטור פערטרויערט. איהרע קינדער —
זייַ ליעגען טויט פאַר איהרע טריבע אויגען,
מיט אַ תכריכים־ווייַסען שנייַ בעצויגען.

---

# ווינטער

פון מענדעלע מוכר ספרים.

פריה האָט אין יענעם יאָהר זיך געשטעלט דער ווינטער. פליצלים, איידער דער עולם האָט זיך אַרומגעקוקט, האָט פון צפון־זייַט אַ בלאָז געטהון אַ קאַלטער ווינט און זיך אָנגערוקט אַ בייזע, פינסטערע דמאַרע — דעם ווינטערס צוויי קאָזאַקען — לויפענדיג פאָראויס מיט אַ שטורם, אַ פייַפען: „ציטערט, לײַ־בעדיגע בעשעפעניסען! אָט קומט ער, דער קאַלטער פעטער,

און יועט אייך אָנרייבען אַ רויטען נאָז"... די פעלדער ליגען שוין בעגראָבען אין דעם ווייסען קיטעל פון שניי. די בוימער דאָרט שטעהען אָבגעשמיסענע, נאַקעטע, אַראָבגעלאָזען די קעפּ און די צווייגען געפּענטעט מיט קייטען פון בלימערלעך, פרענטעם אייז. פון פייגעל און וואלד-חיה'לעך איז נישטאָ קיין שפור, אַלע ווי אויסגעשטאָרבען, די ליגען בעהאַלטען טיעף אין די לעבער, יענע האָבען בייצייטענס געמאַכט אַ פּליטה — אַוועק וואוהין די אויגען טראָגען, און אומעטום איז שאַ, שטיל. נאָר וואָראָנעס דרעהען זיך ערטערווייז אַרום אין דער לופט, עפּיס האָבען זיי געשעפטען: חתונות אָדער גלאַט אַזוי אַסיפות וועגען קהל'שע זאַכען — און ווייסט זיי דער גוטער יאָהר, וואָס זיי קראַקען דאָרט, קרעכצען, רייסען זיך אויף די העלזער...

# חנוכּה.

אַ ליעד פון ש. פרוג.

ווידער ברענט דאָס אַלטע לעמפּעל
אויפ'ן הויכען, שענעם אָרט.
יעדעס הייזעל איז אַ טעמפּעל,
אַ מזבּח פונקעלט דאָרט.

וויפיעל צייט איז שוין אַריבער.
ס'קלאַפּט די עלטער שוין אין טהיר...
נאָר מיר דאַכט-זיך, אַז דער ליעבער
זיידע ווידער רעדט צו מיר:

—„ועהסט, מיין קינד? אכט גרויסע שטערען
געהען=אויף אין זיסער פראכט,
און די שאטענס בלייבער ווערען,
העלער ווערט די שווארצע נאכט.

„ריין און הייליג, ליעב און טייער
דארפען אונז אויף אייביג זיין
זייער שטילער, מילדער פייער,
זייער ליכט און זייער שיין;

„פאר אנ'אייביגען זכרון
פון דעם נס אין יענע יאהרען,
ווען מיר האבען מיט'ן שווערד
אונז די פרייהייט אומגעקעהרט".

---

# א ביטערער געלעכטער.

ערצעהלונג פון מרדכי ספעקטאר.

## I.

בערקע, דאס ארימע קלויז=יונגעל, איז א גאנצען ווינטער געגאנגען אין צוריסענע שטיוועל. ער האט ניט געקאנט צוזאמענקלויבען גאנצע צוויי רובל אויף א פאר שטיוועל, דערום איז איהם א גאנצען ווינטער געשוואנען אין די פיס. זיין איינציגער געדאנק, אז ער זאל שוין האבען גאנ= צע שטיוועל, עס זאל איהם שוין זיין ווארים און טרוקען אין די פיס, איז געווען — פורים.

פורים! פורים! פלעגט זיך איהם טאג מיט נאכט חלומ'ן אין קלויז הינטער דעם אויווען.

א! וויפיעל גרויסע טעג מיט לאנגע נעכט זענען ביי בערקע'ן אוועק= געגאנגען מיט דעם זיסען חלום, אז עס וועט אמאל זיין פורים.

— פורים וועל איך ארומטראגען שלח-מנות, און איין טאג מאכען צעהן גילדען (נאך א האלב קערבעל וועט זיך שוין מוזען געפינען; זאל נאר זיין די צעהן גילדען), האט ער געטראכט א גאנצען ווינטער, און וואס ער איז עלטער געווארען מיט א טאג נעהנטער צו פורים איז בערקע אלץ יונגער און גליקליכער געווארען.

II.

בערקע האט דערלעבט פורים, , איז גאט, וואס באשערט אלע יודען, האט איהם אויך באשערט א גוטע שטעלע אויף צו טראגען שלח-מנות. חאטש אין דרויסען איז געווען גליטשיג און קאלט, און בערקעס צוריסענע שטיוועל האט געדונגען, געבלאזען אין אלע זייטען מעהר ווי א גאנץ ווינטער, נאר פון דעם גאלדענעם געדאנק, אז אט, אט קומט צו אין קעשענע נאך א פיאטאק, נאך א זעקסער, אט, אט, היינטיגען טאג (מעהר ניט ווי היינטיגען טאג) וועט ער שוין האבען אויף גאנצע שטיוועל, מארגען אין דער צייט וועט שוין ניט רינען אין די פיס, עס וועט שוין ניט בלאזען (אוי דאס בלאזען!...) — אט פון די גליקליכע געדאנקען איז איצט בערקע געפלויגען ווי א וויכער, ווי א פויגעלע, מיט א גרויסער מאך און שאלען אין די הענד. עס איז איהם ווארעם אין אלע אברים, אפילו אין די פיס. ער פיהלט זיך יעצט גליקליך און גוט.

און פארוואס ניט? — אז פיאטאקעס מיט זעקסערס וואקסען צו זעכע מאל אין זיין קעשענע ווי קראפעווע!

III.

פארנאכט. א סך יודען זיצען שוין ביי דער סעודה, עס לייכט זיך שוין פון יעדען פענסטער, שוין פון א שעה, אז אין דרויסען קראפעט א דראבנער רעגען, וואס קריכט פאוואליע גלייך אין די ביינער. בערקע מיט דער מאך איז די הענד פליהט נאך גיכער ווי א וויכער, ער פיהלט ניט קיין רעגען, קיין קעלט, ער פיהלט נאר, ווי עס איז איהם גוט און זיס אין אלע זיינע אברים; ער פיהלט, ווי זיין קעשענע איז שוין פול מיט מינץ, איין גאט ווייסט, וויפיעל דארט איז שוין דא... בערקע שרעקט זיך א טראכט צו טהון טאפענדיג די קעשענע: א ני, טאמער איז נאך דא מעהר ווי צוויי קערבלעך... אויסער שטיוועל וועט נאך בלייבען אין קעשענע עטליכע גראשען... ניין, ניין, ער וויל גאר ניט טראכ-

טען, ער האט מורא פאר דעם געדאנק, ער זאל ניט משוגע ווערען פון גליק... כטייטש, אלעם אין איין טאג!?

בערקע נארט זיך אליין אב: — ניין, ניין, עס איז מעהר ניט דא ווי איין קערבעל... שפעטער וועט נאך ווערען א האלב קערבעל... רעדט בערקע צו זיך אליין.

## IV

אָרעמער בערקע! דאס איז זיין ערשטער גליקליכער טאג אין זיין גאנץ לעבען!... און טראכטענדיג אזוי פון זיין גליק — פון זיין פולער קעשענע, שלאגט ער זיך אן אויף א גליטשיג שטיקעל ארט, זיין פוס טהוט זיך א דריי... מיט אלע קרעפטען וויל ער זיך האפּען צוריק, ער קאן ניט... ער פאלט... ער גליטשט זיך אויס!... און... פון דער צובראכענער טאץ מיט די שאלען מיט שלח־מנות, פון דער קעשענע מינץ, וואס האט זיך אויסגעשאטען, הערט זיך א קול איבער דער גאנצער גאס. דער רעש פון דער צובראכענער טאץ מיט די שאלען, דאס קלינגעריי פון דעם מינץ רופט צונויף א רעדעל מענשען, מען זעהט, ווי שלח־מנות ליעגט אין בלאטע, אלע האלטען זיך ביי די זייטען פון געלעכטער, און בערקע וויינט ביטער, ביטער...

דאס ביסעל מינץ, וואס בערקע האט פון בלאטע צונויפגעקליבען, האט ער געמוזט פאר דעם שאדען בעצאהלען, און זיין זיסע האפנונג אנצוטהון מארגען א פאר נייע שטיוועל האט זיך אויסגעלאזט מיט גארנישט.

---



# ברעטליך קויף איך מיר פאר געלד...

פאלקס-מאטיוו פון ה. ד. נאמבערג.

ברעטליך קויף איך מיר פאר געלד,
שלאג איך זיי צוזאמען,
בוי איך מיר א שיפעלע,
צו פאהרען איבער ים'ען.

לאז איך מיך אין וועג אריין,
אין וועג אין ווייטען;
שפרייט איך מיר א זעגעל אויף,
א לאנגען און א ברייטען.

שפרייט איך מיר א זעגעל אויף,
בלאזט איהם אויף דער ווינד,
יזינד, דו ווינד, מיין שיפעל טראג
צו יענעם ברעג געשווינד.

# ליעד צו דער אַרבייט.

פון ש. פרוג.

פאַר איַיך, מײַנע אָרימע ברידער און שוועסטער,
וואָס זענען צווייט און צושפּרייט אויף דער וועלט,
וואָס קריכען און בלאָנדזשען אויף טויזענדער וועגען,
אין רעגען, אין שטורם, אין היץ און אין קעלט.

פאַר דיר, אוי, דו אייביגער קרעכצער און זיפצער,
פערשוואַרצטער, פערקלאָגטער, פעריאָמערטער יוד,
טוט שאַלען און זינגען און הילכען און קלינגען
מײַן פרישעס, מײַן לעבעדיג־פרעהליכעס ליעד.

אין טויזענדער שטראָמען גיעסט זיך דאָס לעבען
און קומט פאָרט צום אַלטען, צום אייביגען ברעג...
די וועלט איז פאַר איינעם אַ בליהענדער גאָרטען,
פאַר טויזענד — אַ שווערער, אַ זומפּיגער וועג.

אָ, לויב און געזאַנג דער מיה און דער אַרבייט!
זינגט, גריסט זיי פון האַרצען, ליעבענד און הייס!
געזונד זאָלען זײַן די הענד מיט מאָזאָליעס,
דער שטערען, פון וועלכען עס גיעסט זיך דער שווייס!

געבענשט זאָלען זײַן די ווערקשטאַט, דאָס שפינדעל,
דער האַמער, די סאָכע, דער סערפ און די זעג!
די וועלט איז פאַר איינעם אַ בליהענדער גאָרטען,
פאַר טויזענד — אַ שווערער און זומפּיגער וועג.

געשמאק זענען, ברידער, דעם שרה'ס מאכלים!
געשמאקער פון אלעם — דאס שטיקעלע ברויט,
וואס ציהט זיך פון אייגענער, ערהליכער ארבייט
מיט שוויים און מיט מיה, אבי נאר אהן נויט.

געשמאק איז דעם שרה'ס שלאף אין זיין צימער,
אויף וויכענקע קישעלעך, ווייס ווי דער שניי;
געשמאקער — א שלומער פאר נאכט נאך דער ארבייט
אין פעלד, אויף א קאפיצע פרישענקעס היי.

פיעל ליכטיגער שיינט די זון נאך א רעגען;
די ווארעמקייט — ליעבער און זיסער נאך קעלט;
נאר די, וועלכע האבען דאס אונגליק געגאסען,
פערשטעהען, וואס גליקליך זיין הייסט אויף דער וועלט.

די פייל איז פון שטאהל, דער האמער — פון אייזען,
גאנץ אייגפאך געמאכט און ניט איבריג שען,
מיט זיי אבער מאכט מען דאס שווערד און דעם פאנצער
און מאכין די הייליגע קרוינען אליין

דער סערפ איז פון שטאהל, די סאכע — פון אייזען:
קיין ציערונג קיין גרויסע זענען זיי ניט;
אין זיי אבער ליעגט אונזער קראפט, אונזער לעבען,
אהן זיי איז אונמעגליך איין איינציגער טריט.

טא לויבט=זשע און זינגט דער מיה און דער ארבייט!
זינגט, גריסט זיי פון הארצען, ליעבענד און הייס!
געזונד זאלען זיין די הענד מיט מאזאליעס,
דער שטערען, פון וועלכען עס גיעסט זיך דער שוויים!

# שָׁלוֹם־בַּיִת.

א בילד פון י. ל. פּרץ.

חַיִים איז אַ טרעגער.

אַז ער געהט־דורך די גאַס אײַנגעהויקערט אונטער׳ן קאַסטען סְחוֹרָה, ועהט מען איהם נישט אַרוּים; עס דאַכט זיך, אַז דער קאַסטען געהט אַליין אויף צווײ פיס... דאָס שווערע אָטעמען הערט זיך אויך פון ווייטענס!

דאָך — אַט לעגט ער אָב די לאַסט, בעקומט זײַנע עטליכע גראָ־שען; ער גלײַכט זיך אויס, אָטעמט שטאַרק אָב, בינדט אָב די פּאָלעס, ווישט זיך אָב דעם שווייס פון פָּנִים, געהט גלײַך צום ברונען, טהוט אַ פּאָר שלוק וואַסער און לויפט אין אַ הויף אַרײַן.

ער שטעלט זיך נעבען אַ וואַנד, הויבט אויף דעם ריעזען־קאָפּ אַזוי, אַז דער שפּיץ באָרד מיט דער נאָז, מיט׳ן דאַשעק פונ׳ם היטעל, קומען אוים אויף איין שֶׁטַח.

ער רופט:

— חַנָה!

פון אונטער׳ן דאַך עפענט זיך אַ קליין פענסטער׳ל און אַ קליין ווײַ־בעריש קעפּעל אין אַ ווײַסען ציפּעק ענטפערט:

— חַיִים?!

דאָס פּאָר־פֿאָלק קוקט זיך גאַנץ צופֿרידען אָן; די שְׁכֵנִים זאָגען: ווי לעבען זיך ווי די טײַבעלעך זיך. חַיִים וואַרפט אַרויף זײַן פער־דיענסט, אײַנגעוויקעלט אין אַ שטיקעל פּאַפּיער; חַנָה חאַפּט עס אין דער לופט; עס איז איהר ניט דאָס ערשטע מאָל.

— אַ בְּרִיָה נִפְלָאָה! מאַכט חַיִים, און האָט גאָר קיין חֵשֶׁק נישט אַוועקצוגעהן.

— געה, געה, חַיִים! שמײַכעלט זי, — איך קאָן מיך נישט ריהרען פון קראַנקען קינד... איך האָב צוגעשטעלט דאָס וויעגעל צום קוימען... מיט דער האַנד שוים איך און מיט׳ן פוס וויעג איך...

— וואָס מאַכט עס, נעביך?

— בעסער!

— געלויבט איז גאָט! און הענע?

— ביי דער נייהטאָרין!

— יוסל?

— אין חֵדֶר.

— חַיִים לאָזט צוריק אַראָב די באָרד, גיסט אַוועק, און חַנָה קוקט איהם נאָך ביז ער ווערט איהר פערשוואונדען
דאָנערשטאָג און פרייטאָג דויערט עס לענגער.
— וויפיעל האָסט דו דאָ אונ׳ם פּאַפּיערעל? פרעגט חַנָה.
— צוויי און צוואַנציג גראָשען.
— איך האָב מוֹרָא, עס איז ווענינ!
— וואָס דאַרפסט דו דען, חַנָה?
— פאַר אַ זעקסער שמירעכץ פאַר׳ן קינד, פאַר עטליכע גראָשען ליכט. חַלָה האָב איך שוין... פלייש אויך, אַנדערטהאַלבען פונט... נו — בראָנפען אויף קִידוּש!... היינט דאַרף מען נאָך עטליכע דרענגלעך!
— דרענגלעך וועל איך דיר שוין שאַפען, עס מוז זיין אויפ׳ן מארק.
— דאַרף איך נאָך...
און זי רעכענט אויס, וואָס זי דאַרף נאָך אַלץ אויף שַבָּת. סוֹף כָּל סוֹף בלייבט, אַז מען קאָן קִידוּש מאַכען איבער חַלָה און אַז אָהן אַ סַך זאַכען איז זיך גאַנץ לייכט צו בעגעהן.
דער עִיקָר איז — בענש־ליכט, אויך די זאַלב פאַר׳ן קינד!
און פונדעסטוועגען, אַז גאָט העלפט, די קינדער זענען געזונד, די מעשענע לייכטער — נישט פערזעצט, בִּפְרָט אויב עס איז דאָ נאָך אַ קוגעל — האָט דאָס פאָר־פאָלק גאָר אַ פרעהליכען שַבָּת!
וואָר׳ן חַנָה איז אַ בְּרְיָה נִפְלָאָה צום קוגעל!
שטענדיג פּעהלט איהר עפּיס, דאָ מעהל, דאָ אייער, דאָ פעטס, און צום סוֹף קומט אַרויס אַ פעטער, אַ זיסער, אַ מְחַיֶה׳דיגער קוגעל: ער צוגעהט פָּשׁוּט אין אַלע אֵבָרִים
— דאָס קאָכט דער מַלְאָך, זאָגט חַנָה און שמייכעלט פאַר נַחַת.
— יאָ, אַ מַלְאָך, אַוַדַאי אַ מַלְאָך! — לאַכט חַיִים, — דו מיינסט, אַז דו ביזט אַ קליינער מַלְאָך, אַז דו האַלסט אויס פון מיר און פון די קינדער... וויפיעל מאָל טועען זיי דיר אָן צָרוֹת, איך ווער אַמאָל ביז... נור איך הער עפּיס אַ קְלָלָה פון דיר, ווי אַנדערע ביי די ווייבער? און בַּאֲשֶׁר, דו האָסט אַ סַך נַחַת פון מיר? דו און די קינדער געהען נאַקעט און באָרפעס... צו וואָס טויג איך? נישט צו קִדוּשׁ, נישט צו הַבְדָלָה, איך קען אֲפִילוּ נישט רעכט קיין זְמִירוֹת זינגען...
— ביזט פאָרט אַ גוטער טאַטע, און אַ גוטער מאַן! — האַלט זיך חַנָה ביי איהרינגען. — אַזאַ יאָהר אויף מיר און אויף כָּל יִשְׂרָאֵל... איך זאָל מיך נאָר עלטערן מיט דיר, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם!
און דאָס פאָר־פאָלק קוקט זיך אין די אויגען אַריין אַזוי גוט, אַזוי

וואַרים, און אַזוי מי׳ט׳ן גאַנצען האַרץ, אַז עס דאַכט זיך, זיי זעגנען ערשט פון אונטער דער חופּה אַפּער...

# צום מלוה.

(פון חומש).

פון א. רייזען.

ווען דיין ברודער, אַ געדריקטער,
איינגעהויקערט, איינגעבויגען;
מיט אַ דאַרען, בלאַסען פּנים,
מיט פערוויינטע, רויטע אויגען,
קומט צו דיר און עפּיס לייהען
פאַר זיין הויזגעזינד אויף ברויט: —
זיי זשע, מלוה, ניט קיין מערדער,
שינד פון איהם ניט אָב די הויט.

ווען עס וועט די נויט איהם צווינגען,
ווי עס טרעפט אין בייזען לעבען,
דיר, אָ, מלוה, אַלס אַ משכון
ס׳לעצטע בגד אָוועקגעבען, —
זאָלסטו נאָר דאָס בגד האַלטען
ביז די זון וועט אונטערקומען,
דען דאָס בגד איז זיין קאָלדרע,
און דו האָסט זי צוגענומען.

אָ, זיין איינציג לעצטען בגד,
זאָלסט איהם, מלוה, ווידערקערען:
ביינאַכט וועט ער צו מיר וויינען,
כ׳וועל ניט שווייגען זיינע טרערען...



# דבורה.

פון יעקב דינעזאָהן.

ניט איהר גוטסקייט, ניט איהר פרומקייט, ניט איהר וואָלטוהעטיגקייט וויל איך אייך דערצעהלען. דבורה האָט זי געהייסען, און מען האָט נאָר בעדאַרפט אין באַראַוויץ זאָגען: אזוי האָט דבורה געזאָגט, האָט מען שוין געוואוסט וועלכע דבורה. אינ'ם לעבען האָט זי זעהר ניט גערען געהאַט צו הערען ווי מען לויבט זי, און דאָס, וואָס זי האָט אַ לעבעדיגע נישט ליעב געהאַט, געפעלט איהר איצט נאָך איהר טויט, געוויס, אויך ניט; דעריבער דערצעהל איך נאָר די מעלה, מיט וועלכער זי האָט זיך זעלבסט שטענדיג בעריהמט, און די מעלה איז די, וואָס זי האָט קיינעם, איהר גאַנצע לעבענס-צייט ניט געשאָלטען. אַ קללה — פלעגט זי זאָגען — איז ערגער פון אַלץ אין דער וועלט. איין קללה האָט דבורה יאָ געהאַט, מיט וועלכער זי פלעגט זיך בענוצען, ווען זי איז געוועזען אין כעס — אויב עס איז נאָר מעגליך געוועזען, אַז דבורה זאָל זיין אין כעס זיין, — די קללה איז געוועזען: „קרעפּלעך זאָלסטו עסען!" דבורה האָט זעהר ליעב געהאַט קליינע קינדער — קיין אייגענע קינדער האָט זי נישט געהאַט — און איהר בעסטער פערגעניגען איז געוועזען חדר-יונגלעך קליינע, וואָס פלעגען פון חדר פאַרביי איהר שטוב געהן, זיי צו זיך רופען, אָנשיטען זייערע קעשענעס מיט ניסלעך; זיי געבען לעקעכלעך און זיי הייסען אַ ברכה מאַכען, זי זאָל „אָמן" ענטפערען.

עס איז אין באַראַוויץ קיין איין חדר-יונגעל נישט געוועזען, וואָס האָט דבורה'ס שטוב ניט געקענט און איהרע לעקעכליך ניט פערזוכט. ניט נאָר אַ ברכה צו מאַכען איז איהר ליעב געוועזען, אָבער אויך דאָס

קינדערשע שטיפען צוזעהן, איז איהר פערגעניגען געוועזען. און ערגיץ האָבען די קינדער אַזוי פראַנק און פריי נישט געשטיפט, ווי ביי איהר אין שטוב. עס האָט ניט זעלטען געטראָפען, אַז אַזוי שטיפענדיג, האָט אַ קינד אונגערן אַ גלאָז, אַ טעלער צוּבראָכען און דאָס קינד פלעגט דערשראָקען װערען, דאַן פלעגט דבורה צוגעהן צום קינד, איהם טרייסטען און זאָגען: אַ, קרעפּליך זאָלסטו עסען! נישקשה, האָב קיין מורא, דערפאַר אויף דיינע תנאים, אם ירצה השם, וועל איך אַ טאָפּ צוּברעכען... קרעפּליך זאָלסטו עסען!

# כּוֹתֶל מַעֲרָבִי.

פון שלום עליכם.

(די איבערגעבליבענע וואַנד פון'ם בית המקדש)

— דערצעהלט זשע מיר, איך בעט אייך, אַקוראַט. האָט איהר געזעהן דאָס, אַליין געזעהן מיט אייערע אייגענע אויגען די „כותל מערבי"? אַזוי הייסט דאָס? האָט איהר זי גוט געזעהן? דערצעהלט זשע מיר, ווי אַזוי, און וואָס, און ווען?...

אַזוי האָט מיין רבי זיך אָנגערופען צו אַ יודען, וואָס איז נאָר וואָס געקומען צוריק פון ארץ־ישראל, פון ירושלים.

— זאָגט זשע מיר, איך בעט אייך, מאָהלט מיר אויס אַקוראַט, ווי אַזוי איז זי, די וואַנד, ווי זעהט זי אויס.

דער ירושלים־יוד האָט מיר אויסגעמאָהלט אַקוראַט, ווי וויט ער האָט נאָר געקענט, און מיין רבי האָט געשלונגען די ווערטער, אָנגעקוועלט, געוואָרען ברייטער ווי לענגער, ווי אַ מענש, וואָס נעמט אָב אַ גרוס פון אַ נאָהענטען מענשען אין אַ וויטער מדינה.

דער רבי האָט זיך אַזוי שטאַרק איינגעקוקט אינ'ם ירושלים־יוד, אַז ער האָט גאָר נישט בעמערקט, ווי מיר, חברה, האָבען זיך איינציגווייז אַרויסגערוקט פונ'ם טיש, און האָבען זיך אַרויסגעגנב'עט אין דרויסען אַרויס, און האָבען געהאַפּט אַ גליטש אויפ'ן אייז.

— אַז מיר זענען געקומען צוריק אין חדר אַריין, האָבען מיר נאָך געטראָפען זיי ביידע.

— כותל מערבי! — האָט דער רבי געזאָגט צום ירושלים־יוד — כותל מערבי! אָט דאָס איז אונז פערבליבען פון אונזער גאַנצען בית־המקדש, פון אונזער גאַנצער מלוכה! כותל־מערבי! כותל־מערבי!...

און דער רבי האָט זיך צעוויינט.

# מיין הארץ איז אין מזרח...

(נאך יהודה הלוי.)

פון ל. יפה.

מיין הארץ איז אין מזרח, און איך בין אין מערב,
  ווי קאן איך א גליקליכער זיין,
ווי קאן איך פערגעסען מיין שרעקליכעס אונגליק,
  און לעבען פול נחת און שיין...

אין ווייטע און גלענצענדע שענע מדינות
  בין איך, ווי אהן ווארצלען א בוים,
מיר חלומ'ט זיך ציון, מיין ארימעס ציון,
  עס ציהט מיך אהן אויפהער אהיים...

עס גיעסען זיך לידער פון גליק און פון לעבען,
  איך הער נאר א ביטער געוויין,
עס יאמערט מיין ברודער, ווי קאן איך זיין רוהיג
  און לעבען פאר זיך גאר אליין...

# פון ר׳ יְהוּדָה הַלֵוִי׳ס יַם־לִיעדֶער.

I.

כ׳האָב פֶערגעֶסעֶן אַלֶע לִיעבּסטעֶ,
כ׳האָב פֶערלאָזט מַיין אֵייגעֶן הויז;
כ׳האָב דעֶם יַם זִיךְ אָבּגעֶגעֶבּעֶן:
טראָג מִיךְ, יַם, צוּם מוּטעֶר׳ס שׁויס!...

און דו, מַעֲרָב־ווִינט געֶטרַייעֶר,
טרַייבּ מַיין שִׁיף צו יעֶנעֶם בּרעֶג,
וואָס מַיין האַרץ מִיט אָדלעֶר־פלִיגעֶל
זוכט שׁוין לאַנג צו אִיהם אַ וועֶג.

בּרעֶנג מִיךְ נאָר אַהִין בְּשָׁלוֹם, —
נאָכדעֶם פלִיה זִיךְ דִיר צוּרִיק,
גרִיסעֶן זאָלסטו אַלעֶ לִיעבּסטעֶ
און דעֶרצעֶהל זֵיי פון מַיין גלִיק...

II.

אָנגעֶ׳בְּרוֹגֶז׳ט האָט דעֶר יַם זִיךְ
און געֶקנַייטשׁט זִיךְ און געֶקרוּמט —
פלוצִים האָט עֶר זִיךְ צוּבּייזעֶרט
און עֶר ווִיעגט זִיךְ שׁוין און בּרוּמט.

און אָט לויפעֶן שׁוין אַקעֶגעֶן
ווִילד און בּייז מִיט ווַייסעֶן שׁוים
חוואַליעֶס־לַייבּעֶן, חוואַליעֶס־שׁלאַנגעֶן,
אויסגעֶוואַקסעֶן פון דעֶם תְּהוֹם.

אָט האָט זיך אַ מאָל געעפענט,
אָט שטעהט אויף אַ הויכער באַרג —
פלאַטער, זעגעל! בויג זיך, מאַסטבוים! —
דו, מיין האַרץ, בלייבסט פעסט און שטאַרק.

האָסט אַ גרויסען גאָט אין הימעל,
ימים שפאַלט ער מיט זיין האַנד;
אויף זיין פליגעל מיט זיין שטורעם
טראָגט ער דיך צום ליעבען לאַנד...

---

## בילדער פון אַמאָליגען לעבען אין אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל.

### I.

# אין טְבֶרְיָא.

פון שָׁלום אַש.

עס זענען געזעסען די ווייבער אין א פארנאכט אין דעם שטילען מארק פון דעם שטעדטיל טְבֶרְיָא, וואָס איז אין גָלִיל, פאר די מהירען פון זייערע ערדישע הייזלעך און האָבען אין די קליינע פייערלעך, וואָס האָבען זיך אונטער ערדישע טעפ געברענט, טרוקענע שטיקלעך צווייגעלעך אונטערגעלעגט, און האָבען די וועטשערע אָבגעקאָכט פאר זייערע מענער. פאר יעדע טהיר זענען אזעלכע קליינע, אָבער געדיכטע וואָלקענדלעך רויך אויפגעגאנגען פון די ברענענדע פייערלעך. די זון איז אונטערגעגאנגען וויט הינטער'ן שטעדטיל אויפ'ן וועג קיין צְפַת, און איבער'ן מארק האָט זיך דער הימעל איבערגעצויגען א מאטער, אנ'אָבגעקיהלטער פון א גאנצען טאָג פארימען און ווארימען, נאָר דאָ און דאָרט בעשוואומען און פערפלייצט מיט שטיקער אָבגעריסענע ליכטיגע וואָלקענדלעך. דער פארנאכט, וואָס איז אָנגעקומען אין שטעדטיל אריין, ווי א ליעבער אַלטער בעקאנטער „אוֹרַח“, ווי א מִנְחָה־דאוונען, האָט אין זיינע פאָלעס נאכט־רוה און ווינדיגע קיהלהייט מיט זיך אין שטעדטיל מיטגעברענגט און נאָר צוליעב איהם זענען די איינוואָהנער פון שטעדטיל, וואָס האָבען זיך

פאר די שטראהלען פון דער זון אין די שטיבער אונטער די ליוועגדענע גע=
צעלטען בעהאלטען, אויף די וועלט=שיין ארויסגעקומען אבקיהלען זיך.
די ערד פון גליל, וואס האט געשמאכט שוין זייט איינינע וואכען נאך
א טראפ רעגען, האט זיך, ווי א קראנקע, אויסגעצויגען געגען דעם אב=
געקיהלטען זונען=אונטערגאנג, א ביסעל איינצודריכלען פון שוואכקייט.

ווארום קיין רעגען איז נישט געווען אין די געגענד פון טבריא.
די פעלדער זענען געווען אויסגעטריקענט, קיין טוי=וואלקען האט זיי ביי=
נאכט נישט אנגעטרענקט און קיין ראסע האט זיי פון שלאף געוועקט.
גאר אזוי ווי זיי זענען פערשמאכטערהייד ביי זונען=אונטערגאנג איינגעדרי=
מעלט געווארען, אזוי האבען זיי זיך פערשמאכטערהייד צו זונען=אויפגאנג
געוועקט. די גרעזער זענען פערברענט געווען, די איילבירטען בוימען
פערדארט, אויפגעגעסען פון קארוש, און די גאנצע געגענד האט גע=
שמאכט נאך א נאסען טראפ. די פאר ברינען, וואס האבען זיך געפו=
נען אין רשות=היחיד ביי איינצעלנע נדיבים, זענען שוין לאנג גע=
ווארען א רשות הכלל און פון די סנהדרין זענען צוויי ממונים
געווארען געזעצט, אז מען זאל מעסטען דאס וואסער און אויסטיילען לויט
נפש. צוויי מאל גוזר תענית געווען, און די זקני העדה האבען
צוויי שלוחים געשיקט צום תנא, וואס איז געווען א פועל אין בן=
אליעזר'ס פעלדער, אז ער זאל מתפלל זיין אויף רעגען, נאר
יעדעס מאל, ווען די שלוחים זענען צו איהם געקומען, איז ער אנט=
לאפען פון זיי און בעהאלטען זיך אין א הייל, כדי יודען זאלען בעסער
ווערען, און מען האט איהם נישט געקענט געפינען.

דערווייל האט זיך די נאכט וואס מעהר צוגערוקט. שוין דא און
דארט האבען זיך געוויזען ליכטלעך פון די פענסטער. מיט אמאל איז
אנגעקומען א געלייף פון קינדער, וואס האבען ארומגערינגעלט א הויכען
דארען אלטען מאן מיט לאנגע גרויע האר און גרויע בארד, וועלכער איז
אנגעקומען פון פעלד מיט א פאק שפענער אויף די פלייצע און אנ'אייזען
אין די האנד. די קינדער האבען דעם מאן ארומגערינגעלט, אויסגע=
שטרעקט צו איהם זייערע לאנגע דינע הענדלעך, אנגעהאפט איהם ביי'ם
זאק, ביי'ם טלית, וואס ער האט געטראגען און געבעטען זיך: „טאטע,
טאטע, גיב אונז רעגען" — „אבא, אבא, הב לנו מיטרא! — דאס
איז טאקע געווען דער תנא, וועלכע די זקני העדה האבען געשיקט
צו איהם, ער זאל בעטען אויף רעגען. די קינדער, אהיים געהענדיג פון
חדר, האבען זיי איהם דערזעהען — האבען זיי איהם פאר זייערע עלטערן
רעגען געבעטען. אנגעקומען איז אויך הלל דער מאן פון בת שבע

מיט דעם קליינעם יִשְׁמָעֵאל. איינגעוויקעלט אין טַלִית, האָט ער איהם געטראָגען פון חֶדֶר אויף די פּלייצעס אַהיים. דער קליינער יִשְׁמָעֵאל האָט נאָך די קינדער זיינע צוויי דינע הענדלעך צום תַּנָא אויסגעשטרעקט, און זיין לענגליך שוואַך פְּנִימ'על, וואָס האָט גלייך אַרויסגעקוקט פון טַלִית און זיינע צוויי גרויסע שוואַרצע אויגען האָבען אויסגעדרוקט אַזאַ בַּקָשָׁה, אַז דער תַּנָא האָט בעמערקט דאָס יונגעל, איז צו איהם צוגעגאַנגען אין דער נאָהנט, און האָט זיך אָנגערופען צו איהם:

— יונגעל, יונגעל, זאָג מיר דיין פָּסוּק, וואָס דו האָסט היינט געלערנט אין חֶדֶר?

— עֲשֵׂה לְמַעַן תִּנוּקוֹת שֶׁל בֵּית־רַבָּן. 1) האָט איהם דאָס יונגעל אָבגעענטפער'ט.

באַלד דערויף האָט דער אַלטער תַּנָא זיינע בלייכעביינענדיגע הענד צום הימעל אויפגעהויבען, זיין הויכען שטערן געקנייטשט, זיינע אויגען צום הימעל געווענדעט. און ווייזענדיג אויף די קליינע קינדער, וואָס האָבען איהם אַרומגערינגעלט, האָבען זיינע ליפּען אַ קליינע תְּפִילָה געבעטען:

— טאַטע, טאַטע, אַז דו ווילסט עס נישט טהון פאַר די גרויסע, טהו עס פאַר זיי, פאַר דיינע היילינע לעמעליך — וואָס ריהמען דיין נאָמען מיט די מוטער'ס מילך, — פאַר זייערטוועגען טהו עס, פאָטער!

און זעה, טאַקע באַלד אויף דעם האָט זיך דער הימעל אין אַ וואָלקען פערחמאַרעט, אָנגעלאָדענטע מיט הימעל־שֶׁפַע, זענען זיי ווי גוטע ליעבע אוֹרְחִים אויפ'ן הימעל איבער'ן שטעדטיל אָנגעקומען. אין דעם שֶׁטַח האָט זיך געטראָגען אַ פייכטע לופט, וואָס האָט געשמעקט פון גרעזער און בליעכטס, און אַ שטילע, ליעבע שרעק איז געפאַלען איבער'ן שטעדטיל. די הייזעלעך האָבען אָנגעהויבען צו מוליען און טוקען זיך אין גרעזער, אין גרינס. אַ ווינד האָט געבלאָזען צווישען די בוימער, און די בלעטער האָבען געציטערט, געקלאַפּט איינס אין צווייטען און אַדורך געבאָדען זיך אין ווינד, גרייט צו זיין דעם רעגען־טראָפּען אין זיך איינצוטרינקען, די ערד האָט זיך געשפּאָלטען, ברייטע מיילער געעפענט, און לאַנגע זיך אויסגעצויגען, — בעהאַלטען זיך אין די ווינקלען און טונקעלקייט. די פויגעל האָבען זיך צו זיך צווישען די צווייגען בעהאַלטען און אַ ווינד איז איינמאָל און נאָך אַמאָל איבער די וועלט אַדורכגעגאַנגען, ווי עפּעס אָנזאָגענדיג... די מאַמע האָט די קינדער אין שטוב איינגעזאַ־

1) טהו עס צוליעב די קינדער, וואָס לערנען אין חדר.

מעלט. דאָס פּיה האָט מען אונטער'ן דאַך געברענגט, און די ברונען און די גראָבען אויפגעדעקט, דאָס רעגען־וואַסער, גאָט'ס שֶׁפַע איינצוזאַמלען, די כֵּלִים אונטער די רינעס געשטעלט. און אָנגעגרייט זיך מיט דאַנק און לויב פאַר הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ, וואָס ער האָט זיי זיין נֵס בעוויזען און שיקט זיך אַ רעגען אין צייט פון ווינטער און היץ. אויף מִזְרָח־זייט האָט זיך דער הימעל געחמאַרעט, מיט אַ שוואַרצען וואָלקען געוואָרען בעדעקט — און דער מענש און די בְּהֵמָה, ווי דאָס געוואַקסענע, האָט מיט האָפנונג און לויב — צו דעם טריפענדיגען וואָלקען געקוקט, ווי ער נעהנט זיך צו זיי...

## II.

# די יוּדען פון גָלִיל.

פּעט איז געוועזען די גָלִיל'שע ערד און פרוכטבאַרער פון אַלע אַנדערע טיילען אין אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל. מעהרסטען אין טאָל גרינע פעלדער, בעריינט אין פיעל קוואַלען וואַסער, בעשאָטען אין גרינע געדיכטע וועלדער, האָט זיך דאָס אין האָניג און אין מילך געבאָדענע לאַנד אויסגעצויגען פון הינטער דעם לְבָנוֹן־באַרג אָן אַזש ווייט נאָך די ברעגען פון יַרְדֵּן.

ביינאַכט זעהנען די געדיכטע טוי־וואָלקען פון די טייכען אויפגעגאַנגען און ווי אַ חֻתָּן־דעק צוגעדעקט און אין זיך בעהאַלטען די פעטע פעלדער און האָבען זיי אָנגעטרונקען מיט לעבען צום מאָרגענדיגען זונען־אויפגאַנג.

און פראָסט איז געוועזען דער יוד, וואָס האָט געוואוינט אויף די גָלִיל'שע ערד, ווי די פּאַלמע און דער ציפּרִים־בוים, וואָס אויף זיין פעלד. געלעבט פון זיין אַקער און שניט, האָט ער נאָר גאָט געקענט פון פעלד, אין וועלכען ער האָט געאַרבייט. האָט ער געגלויבט אין איהם פראָסט און אָפענהאַרציג און האָט געוואוסט, אַז אויב ער איז גוט און פרום — טהוט איהם גאָט גוט'ס, היט איהם זיין הויז־געזינד אָב, זיין פּיה, פון יעדע פּלאָג, בענשט די פעלדער מיט רעגען און הַשְׁפָּעָה; איז ער שלעכט צו גאָט — טהוט איהם גאָט שלעכטס.

יעדע מינוט קען ער צוקומען צו גאָט, און אין אַלעם זעהט מען גאָט'ס האַנד, גאָט'ס וואונדער. אַז דער הימעל איז בעלעגט, און אַ וואָלקען רוקט זיך אָן, בעגיסט די ערד מיט רעגען, דאָס איז גאָט'ס בְּרָכָה, פון זיין האַנד געשיקט.

פאַר יְרוּשָׁלַיִם האָבען זיי מוֹרָא געהאַט. נאָר דאָרט איז דאָס בֵּית־הַמִּקְדָּשׁ, דאָרט איז גאָט'ס טויער, וואו אַלע תְּפִלּוֹת קומען אָן, און אַלע קָרְבָּנוֹת ווערען דאָרט פאַר גאָט פערברענט. דאָרט זיצט דאָס

סַנְהֶדְרִין, דער כֹּהֵן=גָּדוֹל, וואָס שטעהען זעהר נאָהנט צו גאָט. פון דאָרט, פון יְרוּשָׁלַיִם, גיט מען זיי צו וויסען, דורך צוויי שְׁלוּחִים אָדער דורך פאַקעלען פייער, ווען עס איז ראֹשׁ=חֹדֶשׁ, ווען זיי זאָלען יוֹם=טוֹב מאַכען.

נאָר אין יְרוּשָׁלַיִם צו גאָט צוצוקומען איז זעהר שווער, אַזוי פיעל כֹּהֲנִים און נְבִיאִים און נְגִידִים און סַנְהֶדְרִין זענען דאָ, וואָס שטעהען נאָהענט נעבען גאָט, נאָה'ענט צום בֵּית=הַמִּקְדָּשׁ, און נאָך נעהנטערע, און נאָך נעהנטער — און ווי קומען זיי, גָּלִיל'ער, וואָס זענען אַזוי ווייט פון יְרוּשָׁלַיִם, און וואָס קומען איין מאָל אין יאָהר צו קָרְבַּן=פֶּסַח, אָדער צוויי מאָל אין יאָהר בִּכּוּרִים צו ברענגען, צו גאָט צוצוקומען.

אין יְרוּשָׁלַיִם הָאט מען זיך מיט זיי געשפּעטט, מען האָט זיי געהאַלטען פאַר נידריגע בַּעֲלֵי=בָּתִּים, פאַר גראָבע יונגען, וואָס קענען ניט גוט לייענען אין די הייליגע סְפָרִים, און וואָס מען טאָר פאַר זיי קיין טאַכטער ניט געבען צום מאַן. די פיינע איידעלע יְרוּשָׁלַיִמ'ער געזעלשאַפט האָט, אַריינקומענדיג אין הויף פון בֵּית=הַמִּקְדָּשׁ אין זייערע טייערע זיידענע העמדער, געזאַלבט דאָס לייב מיט בְּשָׂמִים און געווירצען, אויסגעהאַנגען מיט צירונג און פּראַכט, בעגעגענדיג אַ גָּלִיל'ער, זיך אָבגערוקט פאַר זיינע גראָבע קליידער. אויסגעלאַכט פון די יְרוּשָׁלַיִמ'ער דורך זייער גראָבער פערגרייזטער שפּראַך, פערפרעמדט פון די כֹּהֲנִים, האָבען זיך די גָּלִיל'ער אינאיינעם געהאַלטען אין די גרויסע שטאָדט. מוֹרָא געהאַט ווי זיך אָבצושיידען איינער פון צווייטען אין דער גרויסער פרעמדער שטאָדט, האָבען זיי זיך אינאיינעם געהאַלטען פון דעם ערשטען אַרויסטריט פון דער היים ביז זייער צוריקקומען, אינאיינעם געשעכטיגט הינטער'ן בֵּית=הַמִּקְדָּשׁ, אינאיינעם זייערע קָרְבָּנוֹת געבּרענגט.

נאָר טייל מאָל, ווען די נאַכט האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער די ברייט און לענג פון דעם גָּלִיל'שען הימעל און געדיכטע וואָלקען זענען פון די וואַסערן אויסגעשטיגען און האָבען בעלויגט די פעלדער — האָט זיך טייל מאָל אַ גָּלִיל'ער געדאַכט, אַז גאָט איז דאָך נאָהענט צו אַלע און צו יעדען, וואָס וויל צו איהם צוקומען, זיי האָט זיך געדאַכט, אַז גאָט האָט זיך פון דעם פּראַכטיגען און שיינעם בֵּית=הַמִּקְדָּשׁ, וואָס אין יְרוּשָׁלַיִם, אַרויסגעגַנְבֿ'עט, איבערגעלאָזט די כֹּהֲנִים מיט די גַבָּאִים און שׁוֹמְרִים, און אויסגעטהון זיין מאַנטעל האָט ער זיך איבער די גָּלִיל'שע ערד אויסגעצויגען ...

---

III.

# די עוֹלֵי רֶגֶל.

די לעצטע נאַכט פאַר יְרוּשָׁלַיִם האָבען די עוֹלֵי־רֶגֶל גענעכטיגט אין בֵּית־לֶחֶם. דאָרט האָבען זיך צונויפגעקליבען די עוֹלֵי־רֶגֶל'דיגע פון דער גאַנצער גָּלִיל־פּראָווינץ, פון גאַנצען יַרְדֵן־בּרעג, פון חֶבְרוֹן און יְרִיחוֹ, פון אֶפְרַיִם־באַרג און פון יְהוּדָה־פּראָווינץ.

אין קיין הייזער איז מען נישט אַריינגעגאַנגען נעכטיגען. אין די גאַסען, אויף די פעלדער, אין די טהאָלען, אויף די בערגער האָט די גאַנצע מַחֲנֶה גענעכטיגט, און אַז דער ערשטער מאָרגען־בּליאַסק וועט זיך איבער דעם בֵּית־לֶחֶם'ער הימעל ווייזען, און עס וועט זיך אָנהויבען גרויסען פעלד און פלאַץ, און שטיל וועט אַלעם ווערען אין מאָרגען־זון, וועט דער גַבַּאי, וואָס איז איבער די עוֹלֵי־רֶגֶל'דיגע געזעצט, רופען:

— שטעהט אויף, שטעהט אויף! קומט, לאָזען מיר אויפגעהן נאָך צִיוֹן, אין גאָט'ס הויז אַריין.

און ווי אַזוי איז מען אַריינגעגאַנגען קיין יְרוּשָׁלַיִם? מען איז אַזוי אַריינגעגאַנגען קיין יְרוּשָׁלַיִם. דאָס פייפעל האָט פאָראויס געפייפט, זיי בעמבע האָט געפויקט, און דער אָקס איז פאָראויס געגאַנגען, די הערנער מיט גאָלד בעפוצט און מיט לוּלָבִים בעקרענצט, און דערנאָך איז יעדע מִשְׁפָּחָה געגאַנגען מיט די קערב בִּכּוּרִים אויף די אַקסלען, אַריינצוגעהען צו גאָט'ס הויז.

די זון איז שוין אויפגעגאַנגען איבער דעם בֵּית־לֶחֶם־הימעל; ווייט אין מִזְרָח־זייט האָט זיך דער הימעל גערויטעלט, און דאָס גראָז און די בוימער זענען פערהעלט געוואָרען, און עס האָבען זיך דאָ און דאָרט איינצעלנע, אָבגעטיילטע מַחֲנוֹת אַרויסגעוויזען, די פייערלעך האָבען זיך אָנגעהויבען צו פערלעשען, און דער עוֹלָם האָט זיך אָנגעהויבען צוזאַמענצוקומען. פון דער ווייטענס האָט מען געהערט, ווי די פויקען קלאַפען און קוֹלוֹת רופען די מַחֲנֶה:

„שטעהט אויף, שטעהט אויף, קומט, לאָז'ן מיר אויפגעהן נאָך צִיוֹן אין גאָט'ס הויז".

און דאָ און דאָרט האָט מען זיך צוזאַמענגענומען, יעדע מִשְׁפָּחָה מיט איהר קאָרב בִּכּוּרִים אויף די אַקסלען, און דער אָקס פאָראויס פאַר זיי.

צוערשט זענען געגאַנגען די מְיוּחָסִים פון יְהוּדָה מיט זייערע

גאָלדענע און זילבערנע קערב, מיט זייערע בעפּוצטע בְּהֵמוֹת, מיט זייערע פלייטען און טראָמפּעטען, וועלכע האָבען דעם וועג אויסגעשאַלט פאַר זיי, און וויט־וויט דערנאָך דער איבריגער עוֹלָם.

און איין שאַלענד געזאַנג, ווי אַ ליכטיגע זון, האָט פון דאָרט פאָרענט אַרויסגעדרונגען און אַרומגענומען די גאַנצע מַחֲנֶה איבער די קעפּ.

אַזוי זענען די יודען אַריינגעגאַנגען קיין יְרוּשָׁלַיִם, אויפ'ן וועג קיין בֵּית־לֶחֶם, פאַר קֶבֶר־רָחֵל פערבייגעגאַנגען. די זון איז אויפ'ן הימעל אַרויס און ליכטיג איז געוואָרען טהאָל און באַרג. און דאָס געזאַנג פון טויזענדער־טויזענדער מענער, ווייבער און קינדער האָט אין דער לופט געשאַלט: קוּמָה וְנַעֲלֶה אֶל בֵּית ד' אֱלֹהֵינוּ! שטעהט אויף און מיר וועלען געהן אין אונזער גאָט'ס הויז!

פאַר יְרוּשָׁלַיִם איז דער עוֹלָם שטעהן געבליבען און האָט, ווי דער דִין איז, אַריינגעשיקט צוויי שְׁלוּחִים קיין יְרוּשָׁלַיִם אין בֵּית־הַמִקְדָשׁ אַריין, אַז זיי קומען אָן, חאָטש דאָרט האָט מען זיך געריכט אויף זיי, און מען האָט געוואוסט, אַז זיי קומען אָן.

דער עוֹלָם האָט די פֵּירוֹת פון די קערב אַרויסגענומען, אויף די הענד געהאַלטען, און בערייט געווען די פרוכטען אין גאָט'ס הויז צו ברענגען און פאַר גאָט צו ווייזען.

אין דעם זענען אָנגעקומען די גַבָּאִים און די סְגָנִים פון דעם בֵּית־הַמִקְדָשׁ, און מיט זיי די רייכע, חָשׁוּב'ע בַּעֲלֵי־בָּתִּים פון יְרוּשָׁלַיִם, אין טייערע זיידענע טיכער אויף די קעפּ, דער צייכען פון זייער חֲשִׁיבוּת, די לייבער אין עהלען געשמירט, זענען זיי אין טייערע זיידענע טַלֵיתִים געווען געהילט, מיט גאָלדענע קייטען בעפּוצט. אין זייערע הענד האָבען זיי געהאַלטען די פרוכטען פון זייערע פעטע גערטנער אויף טייערע דינטשקע גאָלדענע בלאַכען, אויף וועלכע עס זענען געווען מייסטערהאַפט אויסגעקלאַפּטע וויינטרויבען־שטאַנגען און עהלבירטען־ביימען. דער עוֹלָם האָט פאַר זיי אַ וועג געמאַכט. אין דער שפּיץ פון דער מַחֲנֶה האָבען זיי דעם עוֹלָם קיין יְרוּשָׁלַיִם אַריינגעפיהרט. פאַראויס פאַר זיי זענען געגאַנגען די לְוִיִים, אַכצעהן־יעהריגע בַּחוּרִים, וואָס זענען מיט זיי די מַחֲנֶה אַקעגען געקומען, אין בלויע פורפורנע העמדער אָנגעטהון, מיט גאָלדענע פראַנצעלען, און טייערע זיידענע טַלֵיתִים אויף זיך פערוואָרפען, האָבען זיי אויף לאַנגע דינע פּישטשאַלקעס, אויף אַכט־זייטענדיגע פידלען, אויף געדרעהטע, פיעלפאַכיגע, פיעלזייטיגע האַרפען, אויף זילבער־בלעכען זייערע נִגוּנִים געשפּיעלט. נאָך זיי זענען געגאַנגען די קָרְבָּנוֹת פון די חֲשׁוּבֵי־יְרוּשָׁלַיִם, די הערנער אין גאָלדען בע־

פוצט און עהלבױרט=קרענץ, און דאָס פאָלק נאָך זײ.

ברײט האָט זיך געעפענט ציון׳ס טױער פון די ירושלים=טױערן.
און לאַנג און שמאָל איז געװען די גאַס, און האָט געפירט צום הר=הבית.
און געגענאיבער די ירושלים=טױער איז אָפען געװען דאָס טױער פון דער בית=המקדש=טױער: אין זונען=שײַן האָבען זיך געװײַזט די מאַר=מאָר=טרעפּען, װאָס פירען פון בית=המקדש=הױף צו די ערשטע „עזרה“ אַרױף, און אין זונען=בליאַסק האָט זיך געשמאָלצען מאַרמאָר און גאָלד.

װי אײן מענש, איז דאָס פאָלק אױף די קניהען געפאַלען און די קעפּ געבױגען און שטיל געשװיגען.

נאָר באַלד האָט פלײטען=מוזיק געטענט, און דאָס פאָלק מיט די צו דער ערד געבױגענע קעפּ האָט די פריכטען פון זײער ערד אין גאָט׳ס הױז אַרײַנגעטראָגען.

און צװײ רײהען נעבען די שמאָלע, קלײנע הײַזלעך, זענען די בעלי=מלאכות פון ירושלים געשטאַנען. די, װאָס האָבען ניט קײן אײל ערד געהאַט, און האָבען קײן פּירות ניט געהאַט פאַר גאָט צו ברענגען, האָבען טיכער און טעפּיכען אױף די גאַס, װאָס פירט אין בית=המקדש אַרײַן, פאַר׳ן עולם אױסגעשפּרײט, האָבען זיך אין די רײהען געשטעלט, און האָבען די אָנקומענדע בעגריסט.

— אונזערע ברידער פון נאָהענט און פון װײַטען — קומט׳ס אַרײַן מיט שלום!

און אַ גרױס בענקעניש האָט אַרומגענומען די נײַ=אָנקומענדע, צו זעהען דאָס בית=המקדש. אַסך, דערזעהענדיג פון דער װײַטענס דעם ליכטיגען מאַרמאָר אין דער זון, האָבען זיך אױף דער ערד געװאָרפען און די ערד געקושט, געװײנט, און די הענד געהױבען. עלטערען האָבען זײערע קינדער אױף די הענד גענומען, געהױבען זײ און אַהין געװיזען, צום בית=המקדש, טײל פלעגען לאַנג אױף דר׳ערד ליגען און ניט רירען זיך, אַנדערע װידער מיט התלהבות=געזאַנג האָבען זיך געלאָזט לױפען אין דער מחנה, בױגענדיג די קעפּ צו דר׳ערד.

# אַ מָאל אִיז גְעוֶוען אַ מַעֲשֶׂה.

אַ פאָלקס-לִיעד.

אַמָאל אִיז גְעוֶוען אַ מַעֲשֶׂה,
דִי מַעֲשֶׂה אִיז גָאר נִישט פרֶעהלִיךְ;
דִי מַעֲשֶׂה הוֹיבּט זִיךְ אַנ׳עֶט
מִיט אַ יוּדִישֶׁען מֶלֶךְ.

אַמָאל אִיז גְעוֶוען אַ מֶלֶךְ,
דֶער מֶלֶךְ הָאט גְעהַאט אַ מַלְכָּה,
דִי מַלְכָּה הָאט גְעהַאט אַ ווַיינְגָארטֶען, —
לִיוּלִינְקֶע, מַיין קִינְד!

דֶער ווַיינְגָארטֶען הָאט גְעהַאט אַ בּוֹים,
דֶער בּוֹים הָאט גְעהַאט אַ צְווַייג,
דֶער צְווַייג הָאט גְעהַאט אַ נֶעסטֶעלֶע, —
לִיוּלִינְקֶע, מַיין קִינְד!

דָאס נֶעסט הָאט גְעהַאט אַ פֵייגֶעלֶע,
דָאס פֵייגֶעלֶע הָאט גְעהַאט אַ פְלִיגֶעלֶע,
דָאס פְלִיגֶעלֶע הָאט גְעהַאט אַ פֶעדֶער׳ל, —
לִיוּלִינְקֶע, מַיין קִינְד!

דֶער מֶלֶךְ אִיז אָבְּגֶעשְׁטָארבֶּען,
דִי מַלְכָּה — גְעוָוארֶען פֶערדָארבֶּען
דֶער צְווַייג אִיז אָבְּגֶעבְּרָאכֶען,
דָאס פֵייגֶעלֶע אַנטלָאפֶען...

# שולמית.

## א מעשה פון חורבן.

פון מ. י. בערדיטשעווסקי.

אין דער צייט פון חורבן האט געלעבט איין גרויסער גביר מיט'ן נאמען מתתיהו איש זרחיה. דאס איז געוועזען איינער פון די גדולי האומה, אבער וואוינען האט ער געוואוינט נישט אין ירושלים, גאר נישט ווייט פון יריחו, אין א גרויסען פאלמען-גארטען, ווארום ער האט ליעב געהאט שטילקייט און נישט דאס רוישען פון א גרויסער שטאדט. די זרחיה'ס זענען געוועזען אנ'אלטע משפחה, איינע פון יענען משפחות, וואס זענען געקומען מיט עזרא'ן פון בבל און האבען מיטגעבראכט א סך קנעכט און דיענער און האבען אבגעקויפט פיעל ערד און געבויט דאס היילינע לאנד. אין די ענינים פון דער מדינה און לעבען פון פאר-טייען האבען זיי זיך קיינמאל נישט געמישט. סיי אין דער צייט, וואס די מלכים פון פרס האבען נאך געהאט די ממשלה איבער ארץ-ישראל און די כהנים האבען געפיהרט דעם בית-המקדש און די מדינה צו-גלייך, סיי נאכדעם, אז די גריכען האבען זיך אנגעהויבען אריינמישען און האבען געוואלט, אז יודען זאלען אוועקווארפען זייער אמונה, און עס זענען געקומען די חשמונאים און האבען זיי מיט זייער גבורה גוט אנגעלערנט און געמאכט ארץ-ישראל פאר א מלוכה, און זענען אליין געווארען פירסטען און מלכים; און סיי נאכדעם, אז הורדוס פון אדום, טאקע אנ'איידעם ביי זיי, האט זיי אלע די חשמונאים אויסגעה'רג'עט און זיך אליין געזעצט אויפ'ן טראן און איז געווארען א גוטער פריינד פון די רוימער, וואס פון זיי איז דערנאך ארויסגעקומען צו פערברענען די היילינע שטאדט און צו מאכען א תל פון יודען און זיי-ער לאנד — אין די אלע צייטען האבען די זרחיה'ס געלעבט שטיל, אבי געהיט דאס יודישקייט און געהאלפען דעם פאלק אין זיין אומגליק. אז דער בית-המקדש איז נאך געשטאנען, האבען זיי געגעבען האלץ און שטיינער צו בעפעסטיגען די מויערן פון ירושלים, גאלד און זילבער צו פוץ פון קדשי הקדשים. יעדען טאג האט מען מקריב געווען פון זיי א קרבן. זיי האבען געזארגט, עס זאלען זיין גוטע וועגען פאר די, וואס געהען עולי-רגל-זיין קיין ירושלים, זיי האבען געלאזט מאכען נאכט-הייזער פאר די, וואס מוזען נעכטיגען אין וועג. און אלץ האבען זיי געטהון שטילערהייד, אהן ליארעם און אהן גערודער, אפילו

מענשען, וואס האבען פון זיי געלעבט און זענען פון זיי געהאלפען געווארען האבען אפטמאל נישט געוואוסט, פון וואנען עס קומט די הילף. יא, די זרחיה'ס זענען געווען די בעסטע מענשען אין ארץ־ישראל, וואס אזוינע זעהט מען נישט מעהר.

דער פאלמען־גארטען, אין וועלכען זיי האבען געוואוינט, איז געווען א גן־עדן זומער און ווינטער, איטליכער פון דער פאמיליע האט זיך געהאט זיין קליין פליגעל פון מארמאר, וועלכען זיי האבען געלאזט ברענגען פון ווייטע לענדער. זיי האבען נישט ליעב געהאט קיין גרויסע זאלען, קיין הויכע טורעמס, אבער אלץ האט געמוזט זיין שען און אנציהענד פאר'ן אויג. עפיס איז געווען אין דער גאנצער זרחיה'ס משפחה דאס צניעות פון א פרוי, וואס האט ליעב צו געהן פערשלייערט, צו פערדעקען איהר שענקייט.

מתתיהו איז געווען דער יונגסטער פון זיינע ברידער, און ער איז געווען דער שענסטער און דער בעסטער פון זיי. געגעבען האט ער אהן א שיעור. און אויף דעם טויער פון זיין הויז איז געשטאנען אויפגעשריבען: כל דכפין ייתי ויכול! איטליכער הונגעריגער זאל ארייננגעהן און זאל עסען! רבקה, זיין ווייב, א יפת תואר, אן אמת'ע בת מלכה, און א גרויסע מיוחסת, וואס איז ארויסגעקומען פון א כהן־גדול, איז נאר געווען דער מזג טוב און די גוטסקייט אליין. אז איינער האט נאר געמאכט א רחמנות פנים, האט זי איהם געקאנט אוועקגעבען אלץ. נאר האט מען צו זיי אליין ווייניג געקאנט צוקומען; די גרויסע נדבות און מתנות זענען אלץ געגאנגען דורך די גבאים, און זיי אליין האבען זיך געלעבט שטיל פאר זיך, ווי היינט ביי א גרויסען רבי'ן. איין איינציגע טאכטער האבען זיי געהאט, זי האט געהייסען שולמית. די שענקייט פון שולמית איז געווען אזוי גרויס, אז מען האט ניט געקאנט קוקען אין איהר פנים, — אזוי האט עס געלויכטען ווי די זון. איהר איידעלער גוף, איהר שענער וואוקס און גאנג האבען נישט געהאט צו זיך איהר גלייכען אויף דער וועלט. ווער עס האט געהאט די זכיה זי צו זעהן, האט געמיינט, אז ער זעהט א מלאך פאר זיך. אבגעהיט האט מען זי א סך מעהר ווי הורדוס טאכטער, און איהר שטאלץ איז געווען אזוי גרויס, אז קיין ילוד אשה וואלט נישט געקאנט קומען אויף די דעה זי אנצורירען מיט'ן מינדעסטען פינגער. שולמית איז געווען געגליכען צו דער לבנה, וואס איז געוועהנט, אז ארום איהר זענען תמיד דא שטערען, און זי אליין שיינט פון ווייטען.

## II.

עס זענען אָבער געקומען גאָר אַנדערע צייטען אויף יודען. די מויערן פון ירושלים זענען געפאַלען און דאָס בלוט פון די גבורי ישראל, וואָס האָבען געהאַלטען מלחמה ווי לייבען און לעמפּערטען, האָט גערונען מיילען ווייט. פערברענט איז געוואָרען די בעריהמטע הייליגע שטאָדט, פערברענט איז געוואָרען דער בית־המקדש און דער פּאַלאַץ פון די מלכי הורדוס, וואָס האָט בעשיינט די שטאָדט. פערוויסט איז געוואָרען דאָס לאַנד ארץ ישראל, וואָס דאָרט האָט געריננען מילך און האָניג. פון אַלע דערפער און שטעדט איז געוואָרען אַ תל, און די מענשען, וואָס זענען נאָך געבליבען ביים לעבען, זענען פערקויפט געוואָרען אויף די מערק פאַר קנעכט און פאַר דיענסטען אין פרעמדע לענדער. נפלה, נפלה עטרת ישראל: געפאַלען, געפאַלען איז די יודישע קרוין!

מתתיהו און זיין גאַנצע פאַמיליע זענען אין מלחמה דער׳הרג׳עט געוואָרען. אָנגעצונדען האָט מען אַלע זיינע פּאַלאַצען, די פּאַלמען פון גאָרטען האָט מען אויסגעריסען און פערברענט, און די ברינעמער וואַסער, וואָס פון זיי האָט געשפּריצט דאָס קלאָרע וואַסער, ווי קריסטאַל, האָט מען פערשאָטען מיט ערד און מיט שטיינער.

נאָר שולמית, וואָס אַ טרייער קנעכט האָט זי מציל געווען פון פייער, איז מיט איהם געפאַנגען געוואָרען פון אַ רוימער, און ער האָט זיי ביידען פערקויפט קיין דמשק צו אַ גריכען אַפּאָלאָניוס אין שטוב אַריין. אַפּאָלאָניוס האָט פערשטאַנען צו שעצען די שווער־געפּרובטע שולמית, און זי איז געווען אין זיינע אויגען ווי אַ געפאַלענער שטערן. ער און זיין ווייב האָבען זי ליעב געהאַט ווי זייער אַ קינד און זי נישט געוויט צו אַרבייטען. שטיל און אין זיך פערגראָבען האָט שולמית דאָרט געלעבט ביים גריכען. זי האָט נישט ליעב געהאַט צו קלאָגען און נישט ליעב געהאַט צו דערצעהלען פון אַמאָליגע צייטען. זי האָט נישט געוואָלט געהאַלטען ווערען פאַר אַ פּריצ׳טע, און ווען איהר הערין, די גריכין, איז געגאַנגען אין גאָרטען פלעגט זי האַפּען אַ קרוג וואַסער און געוואָלט איהר העלפען בעגיסען. די גריכין האָט זי אָבער נישט געלאָזט זיך צוריהרען צו אַן׳אַרבייט, — עס איז איהר אויסגעקומען ווי אַ חלול־הקודש זיך לאָזען בעדיענען פון דער שענער שולמית. אַזוי האָט שולמית געפונען בעשיצער אין דער־פרעמד, און אַז מען טהוט אַ קוק, ווי אַנדערע איהרע שוועסטער האָבען געהאַט צו ליידען און ווי זייער שענקייט איז געטרעטען געוואָרען מיט די פיס, וואָלט מען איהר געקענט מקנא

זײַן. זי האָט געטראָפען אויף מענשען, וואָס האָבען פערשטאַנען, ווער שולמית איז און וואָס איהר קומט. די אמת׳ע שענקײַט און רײַנקײַט פון אַ מענשען איז גובר אפילו דעם שונא.

וַיְהִי הַלַּיְלָה איז געקומען דער בעל־החלומות צו אַפּאָלאָניוס׳ן און זאָגט צו איהם: דו אַפּאָלאָניוס, הער מײַן בעפעהל, האַלט ניט מעהר די בת ציון שולמית בײַ דיר און שיק זי אַוועק פון דײַן הויז. אַפּאָלאָניוס האָט דאָס געהאַלטען פאַר אַ אונבעדײַטענדען חלום און האָט ניט געהערט אויף די ווערטער פון מלאך. דער בעל־החלומות איז אָבער געקומען די צווײַטע נאַכט און האָט געזאָגט דאָס אײַגענע. און אַזוי פלעגט ער קומען אַלע נאַכט און האָט אַלץ דערמאַהנט אַפּאָלאָניוס׳ן, ער זאָל אַוועקשיקען שולמית׳ן פון זײַן הויז, ביז אַפּאָלאָניוס און זײַן ווײַב האָבען מורא בעקומען און האָבען געמוזט מיט אַ שווער האַרץ נאָכגעבען.

די פרוי פון אַפּאָלאָניוס איז געווען שוואַנגער, און אַז צוויי קינדער זענען בײַ איהר געשטאָרבען אין איין טאָג, האָט זי דאָס געקאָנט דערטראָגען; אָבער אַצינד, אַז ס׳איז געקומען דער טאָג, וואָס זי האָט זיך געמוזט אָבשײדען אויף אײביג מיט שולמית׳ן, האָט זי זיך נישט געקאָנט האַלטען פאַר וועהטאָג.

אַפּאָלאָניוס האָט אַלײן גענומען צונויפבינדען שולמית׳ן דאָס קלײנע פעקעל מיט זאַכען און האָט צו איהר געזאָגט די ווערטער: מיר קאָנען דיך ניט האַלטען מעהר בײַ אונז, שולמית! מיר גיבען דיר פרײַהײַט צו געהן, וואו דו ווילסט, אַזוי וויל דײַן גאָט.״

# די לופט.

## I.

ניט יעדער פון אונז ווייסט, וואס איז אזוינס לופט. מען קען מיינען, אז לופט איז גארנישט, ווייל קיינער קען זי ניט זעהען מיט די אויגען, אדער אנטאפען מיט די הענד. אין ע״ת׳ן ארײן אבער פערנעהמט די לופט, ווי אלע אנדערע קערפער אויף דער וועלט, א געוויסען ארט, און אויב מען פערנעהמט איהר ארט מיט וועלכען עס איז אנדער קערפער, מוז זי אבטרעטען. ווען מיר זעהען עפעס א כלי, אין וועלכער עס ליעגט גארניט, זאגען מיר א „לעדיגע״ כלי, א „לעדיג״ גלאז, אבער אין דער ווירקליכקייט טארען מיר ניט זאגען „פוסט״, „לעדיג״, ווייל די כלי איז פול מיט לופט. דאס, וואס מיר קענען ארײנגיסען אדער ארײנשיטען אנ׳אנדער זאך אין דער לעדיגען גלאז, למשל, איז ניט דערפאר, וואס דאס גלאז איז באמת לעדיג, נאר דערפאר, וואס די אנדערע זאך, זאמד, וואסער, צום ביישפיעל, איז פיעל שווערער פון דער לופט. און דערי-בער שטופט זי ארויס די לופט פון גלאז און פערנעהמט איהר ארט. דא קומט פאר דאסזעלבע, ווי בעת מיר ווארפען שטיינדלעך אין א פולער גלאז וואסער: די שטיינדלעך זענען שווערער פון דעם וואסער און זיי שטופען עס ארויס פון דער גלאז. די לופט קען מען אויך ניט בעמערקען מיט אונזער ראיה, ווייל זי איז דורכזיכטיג, דין און שיטער און אלץ, וואס איז שטארק דורכזיכטיג, קען מען ניט זעהן מיט די אויגען. לאמיר אנגיסען אין א פלאש אמת ריין וואסער, וועט זיך אונז אויסווייזען, אז אין פלאש איז גאר קיין וואסער ניטא.

ווען די לופט איז זעהר הויך און אונגעהויער טיעף, בעקומט זי א בלאהען קאליער. דאס קומט פאר דאסזעלבע, ווי ווען מיר לעגען-צונויף עטליכע, זאגארדי ריינסטע, טאפליעס צוזאמען: זיי וועלען שוין ניט אויס-ווייזען אזוי דורכזיכטיג, און וועלען בעקומען א גרינליכען קאליער. אט דיעזע דיקע, טיעפע, בלאהע לופט רופען מיר מיט׳ן נאמען „הימעל״.

ווען די לופט איז רוהיג, קען מען זי ניט אנטאפען. אבער ווען זי קומט אין בעוועגונג, הויבען מיר אן זי פיהלען און מיר רופען דאס מיט׳ן נאמען „ווינד״.

די לופט בעשטעהט פון זויערשטאף און שטיקשטאף. אלע לעבעדיגע בעשעפעניששען נויטיגען זיך צום עטעמען און צום לעבען נאר אין זויער-שטאף. דעם שטיקשטאף ברויכט מען נאר דערצו, ער זאל ניט לאזען

שטארק ווירקען דעם וויערשטאף, וואס איז אין דער לופט. ווען די לופט זאל בעשטעהן נאר פון ריינעם וויערשטאף, וואלט ער געוועזען פאר'ן מענשען צו שטארק און זעהר שעדליך, אבער צונויפגעמישט מיט'ן שטיקשטאף, איז דער וויערשטאף פאר אונז בעסער און נוצליכער: ביי אנדערע אופנים איז דער שטיקשטאף אויך זעהר א נויטיגע זאך; עס איז כמעט ניטא איין זאך, וואס אין דעם זאל נישט אריינקומען קיין שטיקשטאף, אבער עטעמען מיט הוילען שטיקשטאף איז פונקט אזוי אוממעגליך, ווי אהן לופט. — ביים עטעמען נעהמען מיר צו ביי דער לופט א געוויסע פארציע וויערשטאף און מיר גיבען איהר אב א געוויסע פארציע פון א מין גאז, וואס מען רופט איהם „קוילען-וויער". בשעת עס ברענט האלץ, אדער א ליכט א. ז. וו. ווערט די לופט רייכער מיט'ן אייגענעם גאז „קוילען-וויער" און וואס וועניגער עס ווערט אין דער לופט וויערשטאף און מעהר קוילען-וויער, ווערט אלץ שווערער צו עטעמען. דעריבער, ווען עס קלייבען זיך צונויף פיעל מענשען אין א קליינעם צימער, וואו נייער וויערשטאף קען נישט לייכט אריינדרינגען, ווערט די לופט זעהר שלעכט און מען מוז עפענען די פענסטער, כדי עס זאל אריין פון דרויסען מעהר וויערשטאף.

אהן וויערשטאף וועט קיין זאך נישט ברענען. ווען מען זאל אנצינדען א ליכטעל און צודעקען מיט א גלאז, וועלען מיר זעהען, אז דאס ליכטעל וועט ברענען גאר א קורצע צייט, ביז וואנען עס וועט געדויערן דער וויערשטאף, וואס געפינט זיך אין דעם ביסעל לופט אונטער דעם גלאז, און ווי עס וועט אויסגעהן דער וויערשטאף, וועט דאס ליכטעל גלייך פערלאשען ווערען. וואס מעהר עס איז דא אין דער לופט וויערשטאף, אלץ בעסער איז דאס פאר'ן ברענען. גאר אין ריינעם וויערשטאף ברענט יעדע זאך פיעל העלער, גיכער און שטארקער, איידער אין דער לופט, וואו עס איז דא נאר א פינפטעל חלק וויערשטאף.

## II.

די געלעהרטע האבען לאנג געזוכט אזא ארט, וואו קיין לופט זאל נישט זיין, און האבען נישט געפונען. זיי האבען זיך אויפגעהויבען אויף הויכע בערג, אראבגעלאזען זיך אין טיעפע גריבער, אין טהאלען, קעלער, ברונענ'ס, און אומעטום געפונען לופט. נאר ווען זיי האבען זיך אויפגעהויבען אויף בערג, האבען זיי בעמערקט, אז וואס העכער מען קריכט, ווערט אלץ שיטערער די לופט, עס ווערט שווערער צו אטע=

מען. אונטען דארף א מענש אבאטהעמען אין א מינוט זיבעצעהן צוּ אכצעהן מאל, און אויפ'ן שפּיץ בארג — דרייסיג, פיערציג און אפילו פופציג מאל; אונטען אין זיבעצעהן מאל נעהמט ער אין זיך אריין לופט, וויפיעל אויבען אין פופציג מאל. שוין אין דער הויך פון 12 אדער 13 טויזענד פוס (א זיבענט חלק פון א כאזשען) הויבט מען זיך אן צו פיה־לען נישט גוט: די הענד און פיס חלש'ן און עס איז שווער אבצוגעהן אפילו די קלענסטע שטרעקע, דעם קלענסטען מהלך און דער הויך פון 16 טויזענד פוס קאן דער שטארקסטער און געזונדסטער מענש נישט מאכען קיין צעהן טריט, ער זאל זיך נישט דארפען צוזעצען און אברו־הען; ענדליך, ווערט די לופט אזוי שיטער. אז ווי אפט דער רייזענדער זאל נישט אטהעמען, וועט שוין איהם אלץ קיין לופט נישט חאפען און דער מענש הויבט זיך אן שטיקען, דאס הארץ קלאפט איהם שטארקער און אפטער, אין די אויערן רוישט און קלינגט, די אדערן אין געזיכט גיי־סען זיך מיט בלוט, די פינגער ברירען און זאגען זיך אב צו דיענען, מען פערליערט דעם זין און דער מענש שטארבט. דער העכסטער ארט, ביז וועלכען מענשען האבען דערגרייכט, געפינט זיך אויף צעהן וויארסט איבער דער ערד; אהין האבען זיך אויפגעהויבען צוויי גע־לעהרטע: קלעמער און קאקסוועל אויף א לופטבאלאן און שיער טאקי נישט בעצאהלט דערפאר מיט זייער לעבען.

אויב מען וואלט זיך געקענט אויפהויבען נאך העכער, וואלט די לופט געווארען נאך שיטערער און ענדליך וואלט מען צוגעקומען צו אנ'ארט, וואו קיין לופט איז גאר נישטא. אזא ארט געפינט זיך, ווי די געלעהרטע האבען אויסגערעכענט, אנ'ערך אויף דריי הונדערט וויארסט פון דער ערד.

---

# די ערד.

וואוהין מיר זאלען נישט געהן און וואוהין מיר זאלען נישט פאהרען, וועלען מיר אומעטום זעהן איבער זיך א קיילעכדיגען הימעל און אונטער זיך א פלאכע ערד. אין דער'אמת'ן אריין אבער האט אונזער ערד נישט קיין קיילעכדיגען פארם, נאר א פארם פון א קוגעל. ווי אזוי־זשע זענען מענשען געקומען צום בעשלוס, אז אונזער ערד איז א קוגעל־פארמיגע?

אז די ערד איז נישט קיין פלאכע, נאר א קיילעכדיגע — צו דיעזען בעשלוס זענען די מענשען געקומען ערשט אין די לעצטע דורות, בארציי־

טענס האָבען טאַקי מענשען געמיינט, אַז די ערד איז אַ פלאַכע, און אַז זי האַלט זיך אויף עלפאַנטען, אויף 3 וואַל=פיש, אויפ'ן לִוְיָתָן... מיט דער צייט אָבער זענען מענשען דערגאַנגען, אַז די ערד האָט ניט קיין פלאַכע, נאָר אַ קיילעכדיגע פאָרם.

דאָצו זענען פאַראַן עטליכע בעווייזען:

ווען די ערד וואָלט זיין אַ פלאַכע, וואָלט דאָך ערגעץ=וואו געמוזט זיין אַן עק וועלט. אָבער אין אֶמֶת'ן ווייסען מיר, אַז ווען מיר זאָלען פאָהרען אַ לאַנגע צייט אַלץ גלייך אין איין זייט, וועלען מיר מוזען קומען צו פאָהרען נאָך אַמאָל אויף דעמזעלבען אָרט, פון וואַנען מיר זענען אַרויס געפאָהרען, נאָר דַוְקָא פון דער צווייטער זייט. פאַרוואָס=זשע איז דאָס אַזוי? נאָר דערפאַר, וואָס די פאָרם פון דער ערד איז אַ קיילעכדיגע.

דערמיט, וואָס די ערד איז קוגעל=פאָרמיג, ווערט שוין קלאָר אויך דאָס, וואָס וואוהין מיר זאָלען ניט פאָהרען, ערשיינען תָּמִיד פאַר אונזערע אויגען תְּחִילַת די שפּיצען פון יעדער זאַך, דערנאָך די מיט און צום סוף — דער יְסוֹד פון דער זאַך. אַזוי, לְמָשָׁל, ווען מיר פאָהרען צו צו אַ דאָרף מיט אַ הויכע קירכע, דערזעהען מיר צו ערשט דעם צֶלֶם אויפ'ן קלויסטער, דערנאָך דעם דאַך, דערנאָך דעם אויבערשטען טייל פון קלויסטער, און ערשט צום סוף זעהען מיר דעם גאַנצען קלויסטער. דאָסזעלבע קומט פאָר אויפ'ן יַם, וואו די אָבערפלעכע איז אינגאַנצען אַ גלייכע. ווען מיר זיצען אויפ'ן ברעג און קוקען אין דער ווייט, ווי עס דערנעהענטערט זיך צו אונז אַ שיף, דערזעהען מיר צוערשט בלויז די שפּיצען פון די זעגעל=בוימער, דערנאָך בעווייזען זיך ביסלעכווייז די זעגלען, און צום סוף דער גאַנצער בְּנְיָן פון שיף. און פערקעהרט, ווען דאָס שיף שווימט אָב פון ברעג, דאַן ווייזט זיך אויס גלייך ווי דער קערפּער פון שיף זינקט איין אין יַם; דערנאָך לאָזען זיך לאַנגזאַם אַראָב אין וואַסער די זעגלען, און, ענדליך, פערשווינדט די גאַנצע שיף. דאָס קומט פאָר בלויז דערפאַר, וואָס אונזער ערד האָט די פאָרם פון אַ קוגעל.

יעצט שטעלט זיך די פראַגע: פאַר וואָס=זשע ווי פיעל אַ מענש זאָל נישט אַרומרייזען, וועט איהם קיינמאָל נישט אויסקומען צו זיין מיט'ן קאָפּ אַראָב און מיט די פיס אַרויף? אויב די ערד איז אַ קוגעל, וואָלטען דאָך פון דער צווייטער זייט, אונטער אונזערע פיס, געדאַרפט זיין אַזעלכע לענדער, וואו מענשען געהען טאַקי מיט די פיס אַרויף. פאַר וואָס=זשע פאַלען דאָרט די מענשען נישט אַראָב, און זיי ווייזט נישט אויס, אַז זיי

געהען מיט'ן קאָפּ אראָב? עס איז דערפאַר, ווייל די ערד בעזיצט אין זיך אזא צוציהונגס-קראַפט, און זי ציהט צו זיך אַלץ, אפילו די שווערסטע זאַ־כען, וואָס זענען אין פערגלייך מיט איהר געגליכען צו פינטעליך שטויב.

# די זון און די לְבָנָה.

בעגינען, ווי די זון ווייזט זיך נאָר אויפ'ן הימעל און הויבט אָן צו וואַרעמען די ערד מיט איהרע שטראַהלען, אַזוי חאַפּט זיך אויף אַלץ וואָס לעבט, הויבט זיך אָן צו בעוועגען און נעהמט זיך צו זיין שטענדיגער אַרבייט. ווי די זון הויבט נאָר אָן צו פערגעהן, אַזוי בעהאַלטען זיך אַלע חיות אין זייערע נאָרעס, די פויגלען שלאָפען-איין אויף די צווייגען פון די בוימער, אפילו די בלומען שלאָפען איין אויף דער גאַנצער נאַכט. אַלץ, וואָס עקזיס־טירט, לעבט נאָר אַ דאַנק דער זון, ווען די זון זאָל פּלוצלינג פערלאָשען ווערען, וואָלט אויף דער ערד געהערשט אַ טיפע נאַכט; אַ לאַנגער, לאַנגער ווינטער וואָלט בעדעקט מיט אייז אַלץ, עס וואָלטען פערשוואונדען ווערען אַלע געוויקסע, די חיות וואָלטען אויסשטאַרבען—דאָס לעבען וואָלט זיך געענדיגט. וואָס-זשע איז אַזוינס די זון, וועלכע גיט אַלעמען לעבען, און פון וואַנען נעהמט זיך די פיעל וואַרימקייט און ליכטיגקייט אין דעם קער־פּער, וועלכער ווייזט זיך אונז אויס אַזוי קליין?

ראשית, וועלען מיר זעהן, צי די זון איז באמת אַזוי קליין ווי זי ווייזט זיך אונז אויס? מיר ווייסען דאָך, אַז יעדע זאַך, וואָס שטעהט פון אונז ווייט, דוכט זיך אונז אויס קליין. און ווירקליך, איז פון אונז ביז דער זון אַ שֶׁטַח פון 140 מיליאָן וויאָרסט. דאָס איז אַזאַ שטרעקע, אַז ווען עס וואָלט זיין אַ מאַשין, וואָס זאָל קענען לויפען אָהן אנ'אויפ־הער טאָג און נאַכט, וואָלט זי געקענט קומען צו דער זון אין 350 יאָהר. אויף דעם אופן פערשטעהען מיר ווי גרויס די זון איז, אַז חאָטש זי איז פון אונז אַזוי ווייט, דאָך זעהען מיר איהר גרויס ווי אַ טעלער. די אַסט־ראָנאָמען האָבען געפונען, אַז די זון איז גרעסער פון אונזער ערד אויף אַ מיליאָן מיט צוויי הונדערט טויזענד מאָל.

אַז די זון איז אַ גליהענדער קערפּער, ווייסען מיר פון איהרע הייי־סע שטראַהלען, וועלכע מיר פיהלען אויף זיך אין די הייסע זומער-טעג, און אַרויסגעבען פון זיך היץ קענען נאָר גליהענדע קערפּער. די היץ פון דער זון איז אַזוי גרויס. אַז אַלץ, וואָס אויף איהר געפינט זיך, ווערט צושמאָלצען; איהר ליכטיגקייט איז אַזוי שטאַרק, אַז מיר קענען איהר

אין פנים נישט קוקען, און מיט איהרע ליכטיגע שטראהלען בעלויכט זי די גאנצע וועלט.

ווען מיר קוקען אויף דער זון דורך א טעלעסקאפ, בעמערקען מיר אויף איהר ליכטיגער אויבערפלעכע פינסטערע פלעקען פון פערשיעדענער גרויס, וועלכע בייטען שטענדיג זייער אויסזעהן. וואס דאס זענען פאר א פלעקען און וואנען נעהמען זיי זיך, ווייסט מען נאך נישט בעשטימט, מען בעמערקט נאר, אז אמאל זענען זיי דא א סך, אמאל ווייניגער. ווען מיר קוקען־נאך איינעם פון די פלעקען, בעמערקען מיר, אז ער בעוועגט זיך פון איין עק זון צו דעם אנדערען, דערנאך ווערט ער אינגאנצען פערשוואונדען און אין 25 טעג ארום קומט ער ווידער אויפ׳ן זעלבען ארט, פון וועלכען מיר האבען אנגעהויבען איהם נאכצוקוקען. לויט די בעאבאכטונגען נאך די זון־פלעקען, האבען די געלעהרטע בעשטימט, אז די זון, ווי די ערד, דרעהט זיך ארום ארום איהר אייגענעם אקס אין 25 מעת־לעת.

ווען דער הימעל איז לויטער, זעהט זיך ביינאכט צווישען די פיעלע שטערען די לבנה. די לבנה רופט זיך רייזע־חבר׳טע פון דער ערד, וויל זי בעגלייט איהר שטענדיג אין איהר גאנג, זיך דרעהענדיג ארום דער ערד 28 טעג. די לבנה איז קלענער פון דער זון, נישט קוקענדיג אויף דעם, וואס אונז ווייזט זיך אויס, אז זיי זענען ביידע איין גרויס. זי איז אפילו קלענער פון אונזער ערד אויף 49 מאל. זי ווייזט אונז אויס גרעסער, וויל זי איז נאהענט צו דער ערד. די לבנה, די זון און אלע אנדערע הימעל־קערפער האבען די פארם פון א קוגעל.

צוליעב דעם וואס די לבנה דרעהט זיך ארום דער ערד, זעהען מיר זי דעריבער אין פערשיעדענע פארמעס; בעת די לבנה שטעהט צווישען דער ערד און דער זון אויסגעדרעהט צו אונז מיט איהר פינסטערער זייט, זעהען מיר זי דאן גארנישט. יענע צייט רופען מיר דער „מולד“, ד. ה. די לבנה ווערט איצט געבוירען, ביסלעכווייז הויבט זי אן אוועקגעהן פון דעם פונקט און דרעהט זיך אויס צו דער ערד מיט איהר ליכטיגער העלפט, אבער נישט מיט איין מאל: פריהער זעהען מיר א שמאלען פאסעק ווי א סערפ, וואס ווערט אלץ גרעסער און גרעסער, האלב חודש קומט זי אין אזא פונקט, וואס איהר גאנצע בעלויכטענע זייט איז אויסגעדרעהט צו דער ערד און דאן זעהען מיר זי ווי א רונדע קוגעל. נאך דער צייט קומט מיט איהר פאר דאסזעלבע וואס ביי איהר „געבוירען“ ווערען, ביז זי פערגעהט פון אונז אינגאנצען.

די לבנה, אזוי ווי די ערד איז א פינסטערער, הארטער קערפער. ליכטיגקייט בעקומט זי פון דער זון, דעריבער זעהען מיר זי נישט ביי־

טאג, ווייל זי פערשווינדט אין דער גרויסער ליכטיגקייט פון דער זון. נאר בייינאכט, אין דער פינסטער, קומט אויס די לְבָנָה פיעל ליכטיגער.

---

# רעגען און שניי.

די לופט בעזיצט א אייגענשאפט איינצוזאפען אדער אריינעהמען אין זיך פארע. דאס זעהט יעדער זעהר אפט: פון א זודיגען סאמאוואר אדער קעסעל, זעהען מיר, זעצט ארויס א פארע, וואס צושפרייט זיך און ווערט פערשוואונדען. וואוהין איז אוועק די פארע? די לופט האט זי איינגעשלונגען. אויך זעהען מיר, אז יעדע פייכטע זאך ווערט אויף דער זון גיך אויסגעטריקענט. אזוי ווי ביים זודיגען סאמאוואר האט דאס פייער פערוואנדעלט דאס וואסער אין פארע, אזוי אויך האט די ברענענדיגע זון פערוואנדעלט דאס וואסער אין פארע, און די פארע איז איינגעשלונגען געווארען דורך דער לופט. די לופט האט אבער א אייגענשאפט ארויסגעבען פון זיך צוריק די פארע אין געשטאלט פון וואסער=טראפען, ווען זי ווערט אבגעקיהלט. ווינטער, למשל, זעהען מיר אפט, ווי די פענסטער, וואס זענען פערמאכט, הויבען אן שוויצען, אדער ווי א קאלטע פלאש, לְמָשָׁל, וואס מען ברענגט ארייִן פון קעלער, בעדעקט זיך באלד מיט טהוי. דאס האט די ווארימע לופט זיך אבגעקיהלט אן גלאז און אבגעטיילט פון זיך. אז ווען די לופט ווערט אבגעקיהלט, קען זי שוין אין זיך נישט האלטען די פארע אין געשטאלט פון קלענערע אדער גרע=סערע וואסער=טראפען.

יעצט איז שוין לייכט צו פערשטעהן, ווי עס ווערט רעגען, שניי און ראסע.

ווען די ווארימע לופט, וואס איז אנגעזאפט מיט פארע, הויבט זיך אויף און ריהרט זיך אן אין דער הויך מיט קעלטערע לופט, טיילט זי אב פון זיך די פארע אין געשטאלט פון וואלקענס. די וואלקענס זענען דיזעלבע נעבעלן, וואס ציהען זיך אפט נידריג איבער דער ערד, נאר זיי בעקומען פערשיעדענע קאליערען, ווען זיי ווערען בעלויכטען פון דער זון. אויב די אויבערשטע פאכען לופט, אין וועלכע עס שווימען די וואלקענס, ווערען שטארק אבגעקיהלט, דאמאלס ווערען זייערע פארעס נאך געדיכטער, און פערוואנדלען זיך אין טראפענס, וואס פאלען אויף דער ערד אין געשטאלט פון רעגען. שניי איז דאסזעלבע וואס רעגען, נאר אזוינע טראפען, וועלכע זענען אויפ'ן וועג צו דער ערד פערפרוירען געווארען און פאלען דעריבער אין פארם פון ווייסע קנוילעכלעך. אמאל, בעזונדערס זומער, טרעפט,

אז עס פאלט אויף דער ערד א האגעל; דאס איז אויך דיזעלבע פארע, וואס איז הויך, הויך, וואו עס איז זעהר קאלט, פערפרוירען געווארען און בעקומען א פארם פון שטיקלעך אייז.

---

# איבער וואס בייט זיך דאס וועטער?

## I.

אין דער אטמאספערע קומען שטענדיג פאר ענדערונגען, וואס מאכען די לופט פייכט אדער טרוקען, לויטער אדער פערוואלקענט, און ברענגען שטורעם, רעגען, שניי, ווינט און אנדערע לופט-ערשיינונגען. דער צושטאנד פון דער אטמאספערע ביי דיזע ערשיינונגען ווערט אנגערופען וועטער.

דאס וועטער איז נישט אין אלע ערטער פון דער ערד גלייך און אין יעדען ארט איז עס אנדערש לויט די צייטען פון יאהר. דיזע פערשידענהייט פון וועטער לויט די ערטער און צייטען קומט פון דער טעגליכער און יעהרליכער בעוועגונג פון דער ערד און פון איהר נאהענטקייט אדער וויטקייט צו דער זון אין דעם פערלויף פון יאהר.

ווי בעוואוסט, דרעהט זיך די ערד אום אלע 24 שטונדען ארום איהר אקס און זי מאכט אין א יאהר א קרייז ארום דער זון. די אקס פון דער ערד איז אזוי גענייגט, דאס אין איהר אומלויף ארום דער זון קומט זי אוים 6 חדשים בעלויכטען אויף איין העלפט און 6 חדשים אויף דער אנדערער העלפט. דערפון קומט עס, וואס אויף דעם נארד-פאל פון דער ערד איז א האלב יאהר כסדר טאג און דאן א האלב יאהר כסדר נאכט, און אזוי אויך אויף דעם זידליכען פאל, וואו עס בייטען זיך אויך 6 חדשים טאג און 6 חדשים נאכט. אין מיטען צווישען די פאלען, ארום דעם עקוואטאר, איז דאגעגען אימער 12 שטונדען טאג און 12 שטונדען נאכט, וועהרענד אין די געגענדען צווישען דעם עקוואטאר און די פאלען, זענען די טעג און נעכט דורכ'ן גאנצען יאהר פערשידען אין זייער לענג.

צוגלייך מיט דער לענג פון די טעג און נעכט זענען פערבונדען דער זומער און דער ווינטער, ווייל די זון איז צוגלייך דער קוואל פון ליכט און ווארימקייט. עס איז ביי אונז אין די לאנגע טעג ווארים, ווייל עס איז דאן דא גענוג צייט פאר דער זון דורכצוווארימען דעם באדען פון דער ערד. אין די קורצע טעג דאגעגען איז קאלט, ווייל דאס זונען-ליכט שטעהט נישט

גענוג לאנג אנצעווארימען די ערד. דערפון קומט עס אויך, וואס אין דערזעלבער צייט ווען אויף דער נארדליכער האלב-קוגעל איז זומער, איז אויף דער זידליכער ווינטער, און אומגעקעהרט: ווען דא איז ווינטער, איז אויף דער זידליכער האלב-קוגעל זומער.

די ווארימקייט פון זומער און די קעלט פון ווינטער הענגען נישט אב פון די לענג און קורצקייט פון די טעג אליין, נאר אויך דערפון, דאס אין זומער שטעהט די זון אין מיטען טאג הויך אין הימעל און איהרע שטראהלען פאלען אויף די ערד גראד, וועהרענד אין ווינטער שטעהט די זון אין מיטען טאג אין הימעל נידריג און איהרע שטראהלען פאלען אויף דער ערד אין דער קרום. די גראדע שטראהלען קענען ווארימען די ערד שטארק, וועהרענד די קרומע שטראהלען קענען זי ערווארימען נאר זעהר שוואך.

II.

חאטש די זון מאכט זומער און ווינטער, איז זי אליין נישט די איינציגע סבה פון די ענדערונגען אין ווארימקייט און קעלט. ווען עס וואלט ווירקען נאר די זון אליין, וואלט הערשען אין יעדען בעשטימטען טייל פון דער ערד, אין יעדער בעשטימטער צייט פון יאהר, אן'אונפערענדליכע ווארימקייט און קעלט. די זון אבער איז אויך די סבה פון די בעוועגונגען פון דער לופט, דורך וועלכע עס שטראמען ווינטען פון קאלטע געגענדען אין ווארימע און פון ווארימע געגענדען אין קאלטע. דיזע ווינטען פערטיילען עס די ווארימקייט, ווען די קאלטע לופט וועלכע שטראמט פון די פאלען, קיהלט די הייסע געגענדען, און די ווארימע לופט, וועלכע פליעסט פון דעם עקוואטאר צו די קאלטע געגענדען, בריינגט ווארימקייט. דערפון קומט עס, דאס אין קאלטע געגענדען איז מאנכמאל נישט אזוי קאלט און אין הייסע געגענדען נישט אזוי הייס, ווי עס וואלט געווען, ווען די לופט איבער דער ערד וואלט זיך נישט בעוועגען.

די ווינטען שפיעלען זעהר א גרויסע ראלע אין די ענדערונגען פון דעם וועטער. שטראמענדיג איבער ימים, טייכען, קוואלען, פייכטע וועלדער און פעלדער, נעהמען זיי אויף אין זיך טיילעכלאך פון וואסער, וועלכע ווערען פערוואנדעלט אין טומאן, רעגען, שניי און האגעל. ווען א לופט-שיכט, וועלכע האט אין זיך וואסער-טיילעכלאך, טרעפט זיך צוזאמען מיט א קעלטערער לופט-שיכט, ווערען די וואסער-טראפענדלעך פערוואנדעלט אין א טומאן; צוזאמענטרעפענדיג זיך מיט אן'עטוואס קעלטערער לופט, בילדעט זיך פון די וואסער-טיילעכלעך א וואלקען. ווען די לופט-שיכט, אין וועלכער עס האט זיך געבילדעט א וואלקען, ציהט איבער א ווארימערע און טרוקענע

לופט=שיכט, זייגט איין די טרוקענע לופט די וואַסער=טיילעכלעך און דער
וואָלקען פערשווינדט. טרעפט זיך אָבער די וואָלקען=שיכט מיט אַ קעלטע=
רער לופט, דאַן פעראייניגען זיך די וואַסער=טיילעכלעך נאָך מעהר און
עס ווערען פון דעם וואָלקען וואַסער=טראָפּענס, וועלכע זענען צו שווער זיך
צו האַלטען אין דער לופט, און זיי פאַלען אַרונטער אַלס רעגען. ווען אַ פייכטע
לופט=שיכט טרעפט זיך צוזאַמען מיט נאָך אַ קעלטערער שיכט, הויבען אָן
די וואַסער=טראָפּענס אין דעם טומאַן צו פריערען און ווערען פערוואַנ=
דעלט אין שניי=קריסטאָלען (שנייעלעך). אויף אַן'עהנליכען אַרט בילדעט
זיך אויך האָגעל. יעדער האָט געוויס בעמערקט, ווי אין אַ קיהלען ווע=
טער ווערען די שויבען אין אַ הויז פון אינעווייניג פערצויגען מיט פייכט=
קייט און אין אַ פראָסטיגען וועטער אין ווינטער מיט שניי אָדער אייז.
דאָס קומט דערפון, וואָס די וואַרימע לופט פון הויז קומט אין בעריהרונג
מיט דער קאַלטער לופט, וועלכע פרעסט אַרום די שויבען פון דרויסען.
עהנליכעס פּאַסירט אויך, ווען מען הויכט אָן מיט'ן אָטעם אויף אַ קאַלטער
שויב, אָדער ווען מען האַלט אַ קאַלטען בלעך געגען פּאַרע פון וואַסער.

אין יעדען אָרט אויף דער ערד ציהט די לופט אין זיך איין פייכטקייטען,
וועלכע פערוואַנדלען זיך דורך היץ אין פּאַרע, און די פּאַרע ווידער ווערט
דורך אָבקיהלונג פערוואַנדעלט אין טומאַן, רעגען, שניי א. ז. וו. וועהרענד די
פייכטקייטען געהען איבער אין פּאַרע, ווערט אין דער לופט קיהלער, ווייל די
וואַרימקייט, וועלכע ווערט פערברויכט אין דיזען פּראָצעס, ווערט פערשלונ=
גען. וואַרימקייט אין דיזען פערשלונגענעם צושטאַנד ווערט וויסענשאַפטליך
אָנגערופען געבונדענע היץ. ווען די פּאַרע קומט אין בעריהרונג מיט אַ
קאַלטער לופט=שיכט, ווערט די געבונדענע היץ בעפרייט און עס ווערט דאַן
ווידער וואַרים. פאַר אַ רעגען ווערט די לופט שטיקענד און פאַר אַ שניי
פלאַצט די קעלט און עס ווערט אָבגעלאָזען. דאָס קומט דערפון, וואָס דער
טומאַן אָדער דער וואָלקען בייַ'ם פערוואַנדלען זיך אין רעגען אָדער שניי גיט
אָב צוריק די היץ, דורך וועלכע ער איז ענטשטאַנען. אין לענדער, וואו עס
איז דאָ פיעל וואַסער, איז אין זומער קיהל, ווייל עס פערוואַנדעלט זיך
דאָרטען פיעל וואַסער אין פּאַרע און פערשלינגט פיעל וואַרימקייט, און אין
ווינטער איז דאָרטען וואַרימער, ווייל פיעל פּאַרע פערוואַנדעלט זיך אין וואַ=
סער און בעפרייט די וואַרימקייט פון זיך.

דורך בעאָבאַכטונגען אויף דעם גאַנג פון די ווינטען און די ענדערונגען
פון דער טעמפּעראַטור און פערשידענע געגענדען, איז מען אין שטאַנד פאָר=
אויס צוזאָגען דאָס וועטער. די בעאָבאַכטונגען אָדער פאָרשונגען איבער די
ענדערונגען אין דעם וועטער ווערען בעצייכענט מיט דעם נאָמען מעטעאָראָ=

לאגיע. די פאראויסבעשטימונג פון וועטערן איז זעהר וויכטיג אין דעם טעגליכען לעבען און אין אלע מענשליכע אונטערנעהמונגען, בעזונדערס פון ים־רייזענדער, וועלכע קענען ווערען געווארנט פון געפעהרליכע שטורמס איידער זיי קומען אן. רעגיערונגען גיבען זיך זעהר פיעל אב מיט וועטער־פארשונג און האבען צו דיעזען צוועק איינגעריכט סטאציאנען אין פערשיעדענע פונקטען פון זייערע לענדער צו בעטראכטען דעם צושטאנד פון דער אטמאספערע. דער צושטאנד פון דער אטמאספערע און דער גאנג פון די ווינטען ווערען בעאבאכט אין אלע דיעזע סטאציאנען צוויי מאל טעגליך פונקט אין, דערזעלביגער צייט און די רעזולטאטען ווערען בעריכטעט טעלעגראפיש צום צענטראל־ביורא, פון וואנען די ידיעות ווערען צושיקט איבער'ן גאנצען לאנד.

---

# דער קלימאט.

## I.

אלע אטמאספערישע ערשיינונגען, וועלכע כאראקטעריזירען א לאנד: די דורכשניטליכע יעהרליכע טעמפעראטור (צושטאנד פון ווארימקייט און קעלט), די פייכטקייט פון דער לופט און פון דעם באדען, דער דרוק פון לופט, די קלארקייט פון הימעל, דער גאנג פון די ווינטען א. ז. וו. ווערען בעצייכענט מיט דעם נאמען קלימאט.

דער קלימאט פון א לאנד הענגט אב הויפטזעכליך פון דעם ארט, וועלכען דאס לאנד פערנעהמט צווישען דעם עקוואטאר און די פאלען. וואס נעהענטער א ארט ליעגט צום עקוואטאר, איז דער קלימאט אויף איהם אלץ ווארימער און פייכטער; וואס ווייטער ער ליעגט פון עקוואטאר, איז דארט אלץ קעלטער און טרוקענער. די קלימאטען פון ערטער זענען אבהענגיג פון נאך אנדערע בעדינגונגען, וועלכע זענען: די ערהויבונג פון דעם באדען, די לופט־שטרעמונגען, דער איינפלוס פון לאנד און וואסער, די קאלטע און ווארימע ים־שטרעמונגען.

דער קלימאט פון הויכע ערטער איז איבעראל פערשיעדען פון דעם קלימאט פון ניעדריגע ערטער. וואס העכער אנ'ארט איז איבער דער אויבערפלעך פון ים, איז אויף איהם אלץ קיהלער און טרוקענער; וואס ניעדריגער ער איז, איז אויף איהם אלץ ווארימער און פייכטער. די לופט, וואס געפינט זיך איבער הויכע ערטער, איז שיטערער, קלערער, און ענטהאלט ווייניגער

פייכטקייט, ווי די לופט איבער ניעדריגע ערטער, און זי ציהט דעריבער איין ווייניגער היץ פון די זונען־שטראהלען בייטאג אדער פון דער ווארימקייט, וועלכע די ערד שטראהלט אויס בייגאכט. דאס איז די סבה, ווארום די לופט אויף בערג איז קיהלער, ווי אין די ניעדריגע ערטער ארום. די ווארימ־קייט, וועלכע די זון גיט דער ערד, פאדערט געדיכטע לופט זי איינצונעהמען און איינצוהאלטען אין זיך. בערג און הויכע ערטער אין אלגעמיין האבען זעהר א גרויסע ווירקונג אויף די קלימאטען פון לענדער, וויל זיי צאמען אב די געגענדען, וועלכע געפינען זיך הינטער זיי, פון דער טעמפעראטור און פייכטקייט, וועלכע די ווינטען טראגען. בערג־קייטען, וועלכע ציהען זיך ביי די ברעגען פון ים, בערויבען אפט געגענדען פון פייכטקייט און פערוואנדלען זיי אין וויסטעניישען.

## II.

די לופט־שטרעמונגען, דאס הייסט, די ווינטען פון דעם עקוואטאר און פון די פאלען, שפיעלען זעהר א גרויסע ראליע אין די קלימאטען פון לענ־דער. די לופט־שטרעמונגען פון דעם עקוואטאר ברייננען ווארימקייט און פייכטקייט, די לופט־שטרעמונגען פון די פאלען ברייננען קעלט און טרוקענ־קייט. אין אייראפא, צום ביישפיעל, זענען די זיד־וועסטליכע און דרום־מערב׳דיגע און מערב׳דיגע ווינטען (וועלכע קומען פון עקוואטאר) ווארימע און פייכטע, די צפון־מזרח׳דיגע און מזרח׳דיגע (וועלכע קומען פון די פאלען) זענען טרוקענע: זומער הייסע, ווינטער קאלטע.

עס איז שוין ערקלערט געווארען, דאס אין לענדער, וואו עס איז דא פיעל וואסער, איז אום זומער קיהל, וויל עס פערוואנדעלט זיך דארט פיעל וואסער אין פארע, וועלכע פערשלינגט די ווארימקייט, און אום ווינטער איז דארט ווארימער, וויל פיעל פארע פערוואנדעלט זיך אום וואסער און גיט אוועק ווארימקייט פון זיך. דיעזע אייגענשאפט פון וואסער האט די ווירקונג אויסצוגלייכען די טעמפעראטורען פון ווארימע און קאלטע ערטער. לאנד דאגעגען מיט ווייניג וואסער בעזיצט די אייגענשאפט איינצונעהמען אין זיך פיעל היץ אדער פיעל קעלט (לויט די צייטען פון יאהר). דאריבער איז אין אזוינע לענדער הייסע זומערס און קאלטע ווינטערס.

די קלימאטען פון טרוקען לאנד און די קלימאטען פון ימים זענען פער־שיעדען. די קלימאטען פון געגענדען, וועלכע ליעגען אין מיטען לאנד, האבען א גרעסערע פערשיעדענהייט פון טעמפעראטורען דורכ׳ן יאהר ווי די קלימאטען פון געגענדען, וואס ליעגען ביי די ברעגען פון ימים, אדער די קלימאטען איבער די ימים זעלבסט, וויל אין מיטען לאנד איז דער קלימאט

אָפּהענגיג פון דער הויכקייט פון באָדען. וועגען דעם גרויסען איינפלוס פון לאַנד אָדער וואַסער אויף די טעמפּעראַטור, ווערען די קלימאַטען איינגעטיילט אין צוויי הויפּט-סאָרטען: לאַנד-קלימאַטען און ים-קלימאַטען. אין דעם ערשטען סאָרט קלימאַט הערשט טרוקענקייט, אין דעם צווייטען — פייכטקייט. די לאַנד-קלימאַט צייכענט זיך אויס מיט קאַלטע ווינטערס און הייסע זומערס. ים-קלימאַט איז מעהרסטענטייל מיטעלמעסיג. דיעזע ביידע קלימאַטען קענען אָבער צומאָל זיין קאַלטע, מיטעלמעסיגע און הייסע.

## III.

די שטראָמונגען פון די ימים אָדער אָקעאַנען האָבען אַ זעהר גרויסען איינפלוס אויף די קלימאַטען. די ים-שטראָמונגען, וועלכע קומען פון ווארימע געגענדען, ברענגען אַריבער אין די קעלטערע געגענדען ווארימקייט, און די, וועלכע קומען פון די קעלטערע ערטער, ברענגען אַריבער אין די ווארימערע ערטער קאַלטקייט. דורך דיעזע שטראָמונגען האָבען פיעל געגענדען אויף דער ערד זאַ קעלטערע אָדער אַ ווארימערע טעמפּעראַטור, ווי זיי וואָלטען האָבען לויט די ערטער, וועלכע זיי פערנעהמען צווישען דעם עקוואַטאָר און די פּאָלען. אין די ברייטע ימים אָדער אָקעאַנען געהען דורך שמאָלע שטראָמען, וואָס זייער טעמפּעראַטור איז אַנדערש ווי פון דעם איבריגען וואַסער; זיי בילדען בעזונדערע טייכען און ווערען אָפט בעצייכענט אַלס אָקעאַנישע טייכען. דיעזע שטראָמען ברענגען ווארימקייט אין קעלטערע געגענדען און קעלט אין ווארימערע. צו די אָקעאַנישע שטראָמען, וועלכע ברענגען ווארימקייט, געהערט דער בעריהמטער גאָלף-שטראָם, וועלכער הויבט זיך אָן אין זיד-אַפריקאַ, פון וואַנען ער מאַכט אַ געדרעהטען וועג איבער אַמעריקאַ ביז די ווייטע נאָרדליכע געגענדען פון איירָאָפּאַ. דער גאָלף-שטראָם האָט אַ גרויסען איינפלוס אויף די קלימאַטען פון פראַנקרייך, ענגלאַנד און אַנדערע לענדער פון ועסט-איירָאָפּאַ.

---

# וואַרימקייט.

מיר זענען געוועהנט צו זאָגען: דאָס איז קאַלט און דאָס איז וואַרים. אין אֶמת'ן אָבער איז נישטאָ קיין זאַך אויף דער וועלט, וואָס זאָל נישט האָבען אין זיך קיין ביסעל וואַרימקייט. אֲפִילוּ אין גרעסטען פראָסט בלייבט נאָך אין דער לופט עטוואָס וואַרימקייט. אֶלָא נישט,

וואלט יעדער לעבעדיג בעשעפעניש גלייך אומגעקומען. ווארימקייט איז דער קוואל פון אלץ, וואס לעבט. דעריבער זעהען מיר, אז אין די ווארימע לענדער לעבען טויזענדער מִינִים בְּרוּאִים, גרויסע און קליינע. אין די קאלטע לענדער בעגעגנען מיר זעהר זעלטען א חַיָה אָדער א בְּהֵמָה.

די זון ווארימט אן די גאנצע ערד, און ווען איהרע שטראהלען ווארימען שטארקער, אום פריהלינג און אום זומער, דעמאלט לעבט אלצדינג אויף, ווינטער שטארבען אב טויזענדער פליגעלעך און קליינע בעשעפענישען, דער מענש מוז דעמאלט אנקומען צו פייער, כְּדֵי ער זאל נישט פערפרוירען ווערען. איצט, ווען מיר האבען שוועבעליך, איז גאנץ לייכט צו מאכען פייער. אמאל אבער פלעגט דאס זיין זעהר שווער. פארצייטיגע מענשען פלעגען רייבען א לאנגע צייט צוויי שטיקלעך האלץ איינע אן די אנדערע, ביז זיי האבען זיך אנגעצינדען, אזוי ווי עס צינדט זיך אן א אקס, וואס איז לאנג נישט געשמירט געווארען. שפעטער האט מען זיך אויסגעלערנט שאפען פייער מיט דער הילף פון א פייער־שטאהל. מע האט מיט א שטיקעל שטאהל געקלאפט אן א קיזעל־שטיין, ביז ס'איז ארויס א פונק, וואס איז געפאלען אויף א זאך, וואס צינדט זיך לייכט אן. דער פונק נעהמט זיך פון א קליין שטיקעל שטאהל, וואס האט זיך אנגעגליהט פון דעם שטארקען קלאפ און איז אבגעשפרונגען, פונקט ווי עס שפרינגען אב קליינע אנגעגליהטע שטיקלעך אייזען פון א פערד'ס פאדקאווע, ווען עס לויפט האסטיג איבער'ן שטיינערנעם שאסע. ווייל דאס דארפען מיר וויסען: ווען עס רייבען זיך צוויי זאכען, אדער זיי קלאפען זיך איינע אן די אנדערע, ווערט געשאפען א ווארימקייט.

א געוויסע ווארימקייט ווערט געשאפען אויך פון זאכען, ווען זיי פוילען. נאסע שטרוי, וואס ליעגט צונויפגעפרעסט, פייכטע ווייץ, וואס ליעגט אין גרעסערע הויפענס, הויבען אן צו פוילען און ווערען שווארץ, ווי אבגעסמאליעט. פוילען איז א מין פאמעליכדיג ברענען, ביי וועלכען מע בעמערקט ניט קיין פלאם. עס טרעפט אבער אז פייכטע היי, ליעגענדיג לאנג צונויפגעפרעסט, צופלאמט זיך פלוצים פון פוילעניש.

---

## ווי עס ווערען געענדערט די זאכען פון ווארימקייט.

די ווארימקייט איז די סִבָּה פון גרויסע ענדערונגען, וואס קומען פאר אין פערשידענע זאכען. אז מיר זאלען נעהמען, לְמָשָׁל, א קופערנעם קוגעל און מיר וועלען איהם האלטען א געוויסע צייט איבער'ן פלאם פון א ספירט־

לעמפּיל, וועט דער קוגעל זיך געשווינד אַנוואַרימען, נאָר הייסערהייד וועט ער האָבען דיזעלבע מַרְאֶה, וואָס פריהער, און פונדעסטוועגען וועט פּאַרט פּאָרקומען אַ שִׁנוּי. ווען מיר זאָלען דעמזעלבען קוגעל קאַלטערהייד וועלען דורכנעהמען דורך אַ רינג, וואָס זיין דיאַמעטער (דורכמעסער) איז נישט גרעסער נישט קלענער פון דעם קוגעל'ס, וועט דער קוגעל פריי דורכגעהן. אַ הייסער אָבער וועט ער בלייבען שטעהן אין דורכשניט, וועלכער איז שוין איצט ענג געוואָרען פאַר איהם. אַזוי ווי מיט דעם רינג איז גאָר נישט פאָרגעקומען, פערשטעהען מיר, אַז דער שִׁנוּי איז פאָרגעקומען אין קוגעל אַליין: פון דעם אָנוואַרימען איז ער געוואָרען גרעסער. נישט עס איז עפּיס איהם צוגעקומען, נישט זיין וואָג איז געוואָרען גרעסער, נאָר פון דער וואַרימקייט האָבען זיך די טיילען פון קופּער ווי צוצויגען, צושפּרייט. ווען דער קוגעל וועט זיך אָבקיהלען, וועט ער ווידער דורכגעהן דעם דורכשניט פון רינג. דאָס בעווייזט, אַז האַרטע זאַכען האָבען אַ טֶבַע פון וואַרימקייט צו ווערען ברייטער, צוצויגען, און פון קעלט — צונויפגעצויגען, קלענער. דאַריבער דערוואַרימט דער באָנדאַר פריהער די אייזערנע רייפען, איידער ער קלאַפּט זיי אַרויף אויפ'ן פאַס. די הייסע רייף געהט לייכט אַרויף און אָבקיהלענדיג זיך ווערט זי צונויפגעצויגען און ציהט פעסט צונויף אויף די קלעפּקעס. אַזוי טהוט אויך אַרויף דער שמיעד די אייזערנע שינעס אויף די ריידער.

האַרטע זאַכען קענען זעהר וועניג צוצויגען ווערען. מעהרער און מערקליכער צוציהען זיך פליסיגקייטען. זודיגע וואַסער לויפט אויס פון דער כְּלִי וואו איהר איז פריהער געווען געריים. עס קומט דערפון וואָס דאָס וואַסער צוציהט זיך, ווערט ברייטער און לייכטער. הייסע וואַסער איז לייכטער פון קאַלטער, דאַריבער בעמערקען מיר, ווי ביים זיעדען דרעהט זיך דאָס וואַסער אַראָב און אַרויף. דאָס וואַסער פון אונטען ווערט הייס, הויבט זיך עס אויף, און דאָס קאַלטע וואַסער לאָזט זיך אַראָב, ביז עס ווערט אויך הייס, דאַן הויבט זיך עס אויף, און אויף איהר אָרט לאָזט זיך אַראָב נייע קאַלטע, ביז דאָס גאַנצע וואַסער ווערט הייס.

אויך די לופט האָט אַ טֶבַע פון וואַרימקייט צו ווערען לייכטער און ברייטער. אין שטוב איז שטענדיג די וואַרימע לופט אויבען און די קאַלטע — אונטען. ווען מיר עפענען די טהיר און מיר האַלטען די האַנד אויבען, פיהלען מיר, ווי די וואַרימע שטוב-לופט ציהט זיך אַרויס, און אונטען — ווי די קאַלטע לופט ציהט זיך אַריין. ווען מיר הייצען דעם אויווען, ווערט די לופט אין קוימען דערהיצט, ווערט לייכטער, הויבט זיך אויף און רייסט זיך אַרויס, און אַזוי ווי קיין שום אָרט בלייבט נישט לעדיג אָהן לופט, רייסט-זיך אַריין אין אויווען די קיהלע לופט פון צימער אָדער פון דרויסען, ביז זי

ווערם דערוואַרימט, הויבט זיך אויף, און אויף איהר אָרט קומט נייע קיהלע לופט. אַזוי בייט זיך שטענדיג די לופט און האַלט זיך אין איין בעוועגען. די וואַרימע לופט הויבט זיך אויף, און די קאַלטע לאָזט זיך אַראָב.

איצט ווייסען מיר, אַז אַלצדינג ווערט פון וואַרימקייט ברייטער, צוצוי־געגער — וועניגער פון אַלע האַרטע זאַכען, מעהרער — פליעסיגקייטען, און מעהר פון אַלע — די לופט, גאַזען.

---

# ווי עס געהט איבער די וואַרימקייט פון איין זאַך צו דער צווייטער.

אַז מיר האַלטען אַ קאַלטע זאַך אין דער האַנד, אַ שטיין אָדער אַ שטי־קעל אייזען, פיהלען מיר, אַז די האַנד ווערט קאַלטער און דער שטיין אָדער דאָס אייזען — וואַרימער. דאָס בעווייזט, אַז איין זאַך גיט איבער איהר וואַ־רימקייט דער צווייטער. אַז מיר האַלטען דעם שפּיץ פון אַ אייזערן שטעקעלע אין פייער, ווערט גלייך הייס אויך דער עק, וואָס איז אין דרויסען; ווען מיר האַלטען אָבער דעם עק פון אַ הילצערנעם שטעקעלע אין פייער, ווערט דער צווייטער עק נישט הייס, אַפילו דער ערשטער זאָל שוין אָנהויבען ברענען. דאָס בעווייזט, אַז נישט אין אַלע זאַכען געהט גלייך איבער די וואַרימקייט פון איין טייל צו דער צווייטער, אָדער ווי מע זאָגט, נישט אַלע זאַכען פיה־רען גלייך איבער די וואַרימקייט.

אויספּרובירענדיג פערשידענע זאַכען, בעמערקען מיר באַלד, אַז די בעסטע פיהרער פון וואַרימקייט זענען מעטאַלען: אייזען, קופּער, גאָלד. ערגערע פיהרער פון וואַרימקייט זענען: ביינער, גלאָז און ערדוּמה. גאָר שלעכטע פיהרער זענען: האָלץ, פּאַפּיר, וואָהל, לופט. דעריבער ווערט אַ הילצערנער לעפעל נישט אַזוי אָנגעוואַרימט אין אַ הייס געקעכטץ, ווי אַ זילבערנער. דערפאַר אָבער ווערט דאָס עסען אין אַ מעטאַלענעם לע־פעל גיכער אויסגעקיהלט, ווי אין אַ הילצערנעם. עס קומט דערפאַר, וואָס דער מעטאַלענער לעפעל האָט אַוועקגענומען אַ סך וואַרימקייט ביים עסען. זאַכען, וואָס נעהמען גיך איבער אין זיך די וואַרימקייט, פערליערען זי אויך גיך, און פערקעהרט, שלעכטע וואַרימקייט־פיהרער האַלטען מעהר היץ. אַ אייזערנער אייוועז ווערט שטאַרק אָנגעגליהט, נאָר ווערט גיך ווידער אָבגע־קיהלט, און אַ שטיינערנער ווערט פּאַמעליך אָנגעוואַרימט, נאָר האַלט אין זיך לאַנג די וואַרימקייט.

די שלעכטע ווארימקייט=פיהרער, ווי וואהל, פוטער, קענען אונז שיצען
פאר דער קעלט. די פוטערנע בגדים לאזען נישט ארויס די ווארימקייט פון
אונזער גוף, ווייל זיי נעהמען נישט אוועק ביי אונז, פונקט ווי דער הילצער=
נער לעפעל נעהמט נישט צו די ווארימקייט ביים געקעכץ. וואסער, אייז און
שניי זענען אויך שלעכטע פיהרער פון ווארימקייט. דאריבער איז דאס וואסער
אונטער'ן אייז שטענדיג ווארימער, ווי אויבען, און אונטער'ן שניי ווערט די
ערד נישט פערפרוירען און די זריעה ווערט נישט פערדארבען. אכלל
דארף מען האבען, אז וואס די זאך האט אין זיך מעהר פארעס (קליינע לע=
כעליך) אלץ א ערגערער פיהרער פון ווארימקייט איז זי. דאריבער זענען מע=
טאלען, וואס זענען זעהר מאסיוו, די בעסטע פיהרער, און האלץ, פאפיער
און זייער גלייכען, וואס זענען פול מיט פארעס (מע זעהט זיי בעזונדערס פיעל
דורך א פערגרעסערונגס=גלאז) די ערגסטע פיהרער פון ווארימקייט.

---

# דער טערמאמעטער.

מיר פיהלען, געוועהנליך, מיט אונזערע הענד, וואס עס איז קאלט און
וואס עס איזווארעם. עס טרעפט אבער זעהר אפט, אז מיר זענען זיך
טועה. דורך דעם אנטאפען אליין קענען מיר נאך נישט בעשטימען אויף ריכ=
טיג די ווארימקייט פון א קערפער, ד. ה. מיר קענען נישט וויסען, צי האלט
אין זיך דער קערפער מעהר ווארימקייט אדער ווייניגער. אויסער דעם קען
מען זיך צו א הייסען קערפער גארנישט צוריהרען, פשוט דערפאר, ווייל
מען קען זיך אבבריהען. עס טרעפט זיך אבער זעהר אפט, אז מען מוז ווי=
סען פינקטליך צו בעשטימען דעם גראד ווארימקייט, ד. ה. די טעמפעראטור,
פון לופט, וואסער און פון אנדערע קערפער. כדי אבצושטימען די ריכטי=
גע טעמפעראטור פון אלערליי קערפער, בענוצען מיר זיך מיט דעם טער=
מאמעטער.

דער טערמאמעטער בעשטעהט פון א שמאלען גלעזערנעם רעהרעלע, וואס
ענדיגט זיך מיט א גלעזערנעם קוילכעל. דאס קוילכעל מיט א טייל פון דעם רעה=
ריל גיעסט מען אן מיט קוועקזילבער. בשעת דאס רעהריל איז אויבען נאך
אפען, האלט מען דאס קוילכעל מיט די קוועקזילבער איבער א פייער. דאס
קוועקזילבער הויבט זיך אויף און פילט אן דעם גאנצען רעהריל און טרייבט
דערביי ארויס פון איהם די לופט. דאן ווערט דאס רעהריל פערלוטעוועט
און מען לאזט זיך איהם אבקיהלען. דאס קוועקזילבער לאזט זיך דאמאלס

אַראָב נידעריגער, און דאָס רעהריל איבער דעם קוועקזילבער בלייבט שוין אָבער פוסט, אָהן לופט.

דאָס קוועקזילבער אין רעהריל ווערט דאַמאָלס זעהר פיהלענד צו דער קלענסטער ענדערונג, וואָס עס קומט נאָר פאָר אין דער טעמפּעראַטור: ביי דער מינדסטער וואַרעמקייט הייבט עס זיך אויף, און ביי דער מינדסטער קעלט לאָזט עס זיך אַראָב. ווען מיר ריהרען זיך נאָר צו צום קוילכעל מיט אונזער וואַרעמער האַנד, הייבט זיך דאָס קוועקזילבער אַרויף, און ווי מיר טראָגען איהם אַרויס אין אַ קעלטערען אָרט, אָדער מיר לעגען איהם אַריין אין קאַלט וואַסער, הייבט זיך עס אָן באַלד אַראָבצולאָזען, און עס בעקומט דיזעלבע טעמפּעראַטור, ווי די לופט, וואָס אַרום איהם, אָדער ווי דאָס וואַסער, אין וועלכען עס איז אַריינגעלעגט. אויף אַזאַ אופן קען דאָס קיילכעלע קוועקזילבער בעווייזען, וואָס פאַר אַ גראַד וואַרעמקייט עס געפינט זיך אין דעם אָדער אין יענעם קערפּער.

כדי מען זאָל קענען פּינקטליך בעשטימען די טעמפּעראַטור מיט דער הילף פון אַ טערמאָמעטער, ווערט צוגעמאַכט אַ ברעטעלע צום גלעזערנעם רעהריל, און אויפ'ן ברעטעל ווערען אָנגעצייכענט אַזעלכע סימנים — פּאַסקעלעך, וועלכע רופען זיך גראַדוסען, און נעבען די גראַדוסען זענען פאַרהאַן פערשידענע ציפער. דער 0 (נאָל) בעצייכענט אַזאַ טעמפּעראַטור, ביי וועלכער אייז און שניי הויבט אָן צוגעהן און וואַסער הויבט אָן פריהרען. בשעת מען דאַרף געפינען דעם אָרט, וואו אָנצוצייכענען דעם דאָזיגען 0, לאָזט מען אַראָב דעם טערמאָמעטער אין צוגעהענדען אייז. געוועהנליך, וועט זיך דאָס קוועקזילבער ביסלעכווייז נעהמען אַראָבלאָזען גלייך, ביז עס וועט ווערען אַזוי קאַלט ווי דאָס אייז, אין וועלכען דער טערמאָמעטער געפינט זיך. דאַן וועט זיך דאָס קיילכעל אין טרייבעלע אָבשטעלען אויף איין פּונקט און וועט בלייבען שטעהן אויף אַנ'אָרט ביז דאָס אייז וועט אין גאַנצען צוגעהן. דאָס איז דער פּונקט, וואו מען דאַרף אָנצייכענען דעם 0. דערנאָך געפינט מען דעם פּונקט פון קאָכען, ד. ה. די היץ, אויף וועלכער דאָס קוועקזילבער שטעהט אין רעהריל, בשעת מען לעגט אַריין דעם טערמאָמעטער אין קאָכעדיג וואַסער. נאָר אויף דעם שטעלט מען אַריין דאָס רעהריל אין דאַמפּף פון קאָכעדיגען וואַסער און מען בעצייכענט מיט אַ פּאַסעקעל דעם פּונקט, ביז וואַנענט דאָס קוועקזילבער האָט זיך אויפגעהויבען. נעבען דעם פּונקט שטעלט מען דעם ציפער 80. די לענג פון רעהריל, וואָס געפינט זיך צווישען 0 און 80 צוטיילט מען אויף 80 טיילכעלעך, וועלכע רופען זיך גראַדוסען. דעריבער רופט מען אָפטמאָל דעם טערמאָמעטער אויך גראַדוסניק.

דערנאָך בעצייכענט מען די גראַדוסען, וואָס ליעגען נידעריגער פון דעם

0, אויף אבצומעסטען א קעלטערע, אדער, ווי מען זאגט, א נידעריגערע טעמפעראטור.

ווען אין דער לופטען איז אזוי ווארעם, אז דאס קוועקזילבער שטעהט, צום ב. ש. אויף דעם 15־טען גראדוס העכער פונם 0, דאן ווערט אזא טעמפעראטור אזוי בעצייכענט: 15°. ווען דאס קוועקזילבער זאל שטעהן מיט 15 גראד נידעריגער פונ׳ם 0, בעצייכענט מען אזוי די טעמפעראטור: — 15°, ד. ה. עס איז 15 גראד פראסט. אזוי האט געמאכט דעם טערמאמעטער דער געלעהרטער רעאמיור.

אזא גראדוסניק נוצט מען איבערהויפט אויף צו מעסטען די טעמפעראטור פון דער לופט. אין געווויסע צופאלען קענען מיר זיך ניט בעגעהן אהן א טערמאמעטער, צ. ב. ש. אין שפיטאלען, אראנזשעריעס א. ד. ג. א צווייטער געלעהרטער צעלזי האט געשטעלט ביי דעם פונקט פון קאכען דעם ציפער 100 און ער האט צוטיילט דעם גאנצען גראדוסניק אויף 100 טיילכעלעך. צעלזי׳ס טערמאמעטער בענוצען דאקטוירים, ווען זיי דארפען אויסמעסטען די טעמפעראטור פון א קראנקען. עס איז בעוואוסט, אז ביי א געזונדען שטעהט די טעמפעראטור פונם בלוט אויף — 37° נאך צעלזי. ביי א קראנקען קען זיך די טעמפעראטור אויפהייבען ביז — 41° אדער — 42°.

---

# שטיינקויהלען.

שטיינקויהלען ליעגען אין דער ערד אין פערשיעדענער דיק. אמאל איז די דיק נישט מעהר ווי אנ׳ארשין, און דערנאך געהט שוין ווייכע ערד. און אנדערע זענען דיק ביז 15 און 20 קלאפטער. געוועהנליך ליעגען זיי אין א סך עטאזשען. איינער איבער דעם אנדערען, און צווישען זיי געפינען זיך אזוי ווי איבערגעצאפט מיט זאמד־שטיין אדער שעפער־שטיין.

שטיינקויהלען ברענגען דער וועלט זעהר פיעל נוצען, נאר איידער אבער מען בעקומט זיי ארויס, קאסט גענוג מיה און אמאל קאסט עס מענשליכע לעבענס.

די ארבייט אין די גריבער, וואו עס ווערען אויסגעהאקט די קויהלען, איז זעהר א שווערע און די לופט איז דארטען זעהר א שעדליכע פאר׳ן געזונד; אויסערדעם מאכען זיך אפט שרפות אינוועניג, ווען מען בעגעהט זיך נישט פארזיכטיג מיט פייער; פארשיטונגען — ווען עס גיט זיך מיט אמאל א שאט א בארג מיט ערד אויפ׳ן קאפף פון די ארבייטער און זיי ווערען אויפ׳ן ארט

בעגראָבען. פאַרפלייצונגען — ווען די אַרבייטער טרעפען אָן, גראָבענדיג אַן אָרט, וועלכער איז נאָהענט צו אַ טייך, פון וועלכע עס פילען זיך אין די אונטערערדישע שפּאַלטען, און דאָס וואַסער רייסט זיך אַריין האַסטיג און פאַרטרינקט די שאַכטעס מיט די מענשען.

יעדער יאָהר פּאַסירט אָפטע אונגליקען פאַר הונדערטער אַרבייטער, וועלכע זייער ביטערער גורל האָט זיי געצוואונגען זיך צו פערקויפען פאַר'ן שטיקעל ברויט — און מיר וואַרעמען זיך, קאָכען בעסטע שפּייז, פאָהרען אויף דאַמפף־שיפען, וועלכע הייצען זיך מיט די קויהלען; מיר קלויבען נחת און פערגעסען זיך אָן די אָרימע מענשען, וועלכע פערשאַפען אונז דעם גרויסען פערגעניגען מיט דעם פּרייז פון זייער לעבען.

די געלעהרטע האָבען אויסגעפונען, אַז די שטיינקויהלען נעמען זיך פון די צופוילטע בלעטער און וואָרצלען און פערשידענע געוויקסע פון אַ פאַרצייטיגען וואַלד, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ זומפּיגען אָרט, און איז פריהער פערטרונקען געוואָרען, דערנאָך איז ער אויסגעטריקענט געוואָרען, און איז פערדעקט געוואָרען מיט'ן זאַמד, וואָס די טייכען האָבען איבערגעלאָזט — אַזוי איז עס אין אַ צייט מיט יאָהרען פערהאַרטעוועט געוואָרען און עס האָט בעקומען דעם געשטאַלט פון שטיינקויהלען, ווי מיר זעהען יעצט.

איינער אַ געלעהרטער האָט געמאַכט אַזאַ פּרוב: ער האָט אַריינגעלעגט אין אַ גראָבער גלעזערנער רעהר עטליכע שטיקלעך טרוקענע האָלץ — די עפנונג פון דער רעהר האָט ער פערלעגט מיט אַ מעטאַל, און האָט אָנגעהויבען די רעהר שטאַרק דערהיצען — אין עטליכע שעה אַרום זענען די שטיקלעך האָלץ געוואָרען שוואַרץ פערקויהלט, און ענדליך איז פון זיי געוואָרען אַיין האַרטע שטיק ענליך צו שטיינקויהלען. דאָס בעווייזט, אַז האָלץ, ווען עס ליעגט אָהן לופט, איז ווען זיי ווערען איבערגעברענט, ווערט פון זיי נישט קיין אַש, נאָר האַרטע קויהלען, ווייל אָהן לופט קען קיין שום זאַך ניט פערברענט ווערען אין גאַנצען. — דאָסועלבע איז געווען מיט דעם האָלץ פון די אַלטע וועלדער, וועלכע זענען פערבליבען אין אַזאַ אָרט, וואו קיין לופט איז נישט צוגעקומען — איז פון זיי געוואָרען די קויהלען, וועלכע מיר האָבען יעצט.

# זאַמד און שטערן.

א ליעד פון ש. פרוג.

עס שיינט די לְבָנָה; עס גלאַנצען די שטערען;
די נאַכט שוועבט אויף באַרג און אויף טהאַל...
דאָס אַלטיטשקע ביכעלע ליעגט פאַר מיר אָפען —
איך לייען עס, לייען עס טויזענדע מאָל.

איך לייען די הייליגע, טייערע ווערטער,
מיר הערט זיך אַ שטימע: „איך שווער —
מיין פאָלק, דו וועסט זיין ווי די שטערען אין הימעל,
ווי זאַמד אויפ'ן ברעג פונ'ם מעער..."

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! עס ווערט נישט פערפאַלען
פון דיינע הַבְטָחוֹת קיין איינציגעס וואָרט;
מְקוּיָם מוז ווערען דיין הייליגער ווילען,
אַלץ קומט אין זיין צייט אויף זיין אָרט.

און איינס איז שוין טאַקי מְקוּיָם געוואָרען,
דאָס פיהל איך, דאָס וויים איך געוויס:
מיר זענען געוואָרען ווי זאַמד, וואָס איז הֶפְקֵר,
וואָס יעדערער טרעט מיט די פיס...

יאָ גאָטעניו, אֱמֶת, ווי זאַמד און ווי שטיינער,
צושפּרייט און צוואָרפען אויף שאַנד און אויף שפּאָט;
נו אָבער די שטערען, די ליכטיגע, קלאָרע —
די שטערען, די שטערען — וואו זענען זיי, גאָט?

# נַאפְט.

יעדער ווייסט, אַז נאַפט צו לאָמפּען האָט מען גענומען ניצען נאָך זעהר ניט לאַנג, דאָך ווער עס מיינט, אַז פריהער האָט מען פון דיזען ערד-אייל גאָר אינגאַנצען ניט געוואוסט — האָט אַ טָעוּת. די גריכען און רוימער האָבען שוין מיט טויזענדער יאָהרען צוריק בענוצט נאַפט, אָדער ווי זיי פלעגען דאָס אָנרופען — פּעטראָלעאום, ביים באַלזאַמירען טויטע קערפּערס, און אויך טאַקי אַלס אַ בעלייכטונגס-מאַטעריאַל. אין דער גְמָרָא געפינט מען אויך דערמאָהנט דאָס וואָרט „נֵפְט". די קוואַלען פון נאַפט זענען שוין אויך בעקאַנט געווען מיט הונדערטער יאָהרען צוריק, אָבער דאַן האָט מען זיך מיט זיי כּמְעַט גאָר ניט בענוצט. דעם נאַפט פלעגט מען פערקויפען נאָר אין אַפּטייקען, אַלס אַ רפואה צום שמירען זיך; אַחוּץ דעם, איז נאַפט געגאַנגען אויך אויף רעדער שמירען, מיט נאַפט האָט מען זיך אָנגעהויבען בענוצען צו בעלייכטען ערשט מיט עטליכע און פערציג יאָהר צוריק.

דעם 27-טען אויגוסט 1859 האָט איינער אַן׳אַמעריקאַנער מיט׳ן נאָמען דְרֵייק פון אָיל קריעק, אין פּענסילוואַניען, גראָבענדיג אַ ברונען, געפונען אַ קוואַל פון נאַפט אויף דער טיעפעניש פון 22 מעטר, וועלכער האָט אַרויסגעגעבען 40 העקטאָליטער אייל אַ טאָג. פון דאַמאָלס אָן איז נאַפט געוואָרען איינער פון די סאַמע וויכטיגע האַנדעלס-אַרטיקלען אין דער וועלט. אין פיעל ערטער האָט מען זיך גענומען גראָבען אין דער ערד און זוכען נייע קוואַלען; עס זענען געגרינדעט געוואָרען גאַנצע געזעלשאַפטען, וואָס האָבען זיך אַ חאַפּ געטהון צו דעם עסק א. ז. וו. דער סוף פון די אַלע זוכענישען איז געוועזען, דאָס אין יאָהר 1860 האָט מען שוין געפונען נאָך אַ בעסערן נאַפט-קוואַל; און אין מאָנאַט פעברואר פון 1861 האָט איינער אַ געוויסער פונק געפונען אַ קוואַל, וואָס פליסט שטענדיג, און גיט אַרויס 447 העקטאָליטער אַ טאָג. באַלד נאָכדעם איז געפונען געוואָרען אויך פיליפ׳ס נאַפט-קוואַל, וואָס גיט אַרויס 4770 העקטאָליטער אַ טאָג, און אויסער דעם האָט מען שוין דאָ גאָר קיין שום פּאָמפּעס ניט געדאַרפט האָבען, ווי ביי די פריהערדיגע קוואַלען, וויל דער נאַפט האָט זיך געגאָסען פון זיך אַליין און אָהן אַן׳אויפהער, און מען האָט ניט געקענט געפינען קיין כלים גענוג, כּדי צו אויפנעהמען די גאַנצע רייכקייט. אין פערלויף פון איין איינציגען יאָהר זענען אויפגעעפענט געוואָרען 2000 נייע נאַפט-קוואַלען, און אין יאָהר 1867 זענען שוין געווען דריי הונדערט קאָמפּאַניעס, וואָס האָבען בעאַרבייט אַזעלכע קוואַלען און האָבען געפיהרט זייערע געשעפטען אויף גאַנצע מיליאָנען, היינט געפינען זיך אַזעלכע קוואַלען אויך אין פיעל אַנדערע לענדער, אין רוסלאַנד געפינען זיך פיעל נאַפט-קוואַלען אין קאַווקאַז.

## ווי דער מענש צופטר'ט דער נאטורס מתנות.

אמאליגע צייטען איז געווען אסך ווייניגער מענשען ווי יעצט, און וועלדער זענען געווען אסך מעהר. מענשען האבען געלעבט אין די וועלדער און דארטען פלעגען זיי זיך קריגען זייער שפייז. אבער פיעל מענשען קען דער וואלד ניט ערנעהרען, און אז מענשען האבען זיך געמעהרט, איז געוואָרען פאר זיי קנאפ שפייז. דאמאלס האבען מענשען געמוזט אבריינינגען די ערד פונ'ם וואלד און פערזייען אויף די פרייע ערד — ברויט. דאס איז געווען ניט קיין לייכטע זאך, דען מענשען האבען אלאנגע צייט גאר ניט געוואוסט פון אייזען און האבען ניט געקענט מאכען ניט קיין האק, ניט קיין סאכע. דעריבער האבען זיי אויסגעקלערט אנ'אנדער מיטעל ווי אזוי ריין צו מאכען די ערד פון וואלד. דער מיטעל איז א לייכטער און א שנעלער: זיי האבען גענומען גאר פשוט אויסברענען דעם וואלד. דאס איז זיי אויך געראטען; דען וואו עס וואלט ניט העלפען קיין האק און זעג, דארטען האט געשווינד און ריין געטהון זיין זאך דער פייער. מענשען האבען זאגאר בעמערקט, אז דארטען, וואו עס איז אויסגעברענט דער וואלד איז אויף יענער ערד זעהר געראטען וואס מען זייהט, דעריבער איז דער מנהג אויסצוברענען וואלד, פערבליבען א לאנגע צייט שפעטער, אפילו דאמאלס, ווען מענשען האבען זיך שוין אויסגעלערענט מאכען פערשידענע געצייג פון אייזען.

עס איז בעוואוסט, אז די ערד ווערט אויסגעמאגערט, ווען מען זייהט איינע יאהר נאכאנאנד; דאן האט מען די פערלאזען, אוועק ווייטער און ווידער געברענט וואלד. אזוי האט מען געפיהרט די ערד-בעל-הבתישקייט אין אמאליגע צייטען אומעטום וואו דער ערד-ארבייטער האט געלעבט צווישען וועלדער; אזוי פיהרט זיך היינט אויך דארטען, וואו עס איז דא צופיעל וואלד.

אין רוסלאנד און אין אמעריקא פיהרט זיך די ערד-בעל-הבתישקייט אויף אזא אופן איצטער אויך, וואו מענשען בעזעצען זיך אויף נייע ערטער. עס זענען אוועק פיעל יאהרען, איידער מענשען האבען אויפגעהערט צו ברענען וועלדער, און האבען אנגעהויבען זיי האקען, און ניט אויף פעלדער אליין, נאר אויך האלץ צו הייצען און בויען און מאכען פערשידענע כלים. אין איינינגע מדינות פלעגט מען האקען וועלדער, כדי עס זאל זיין לייכטער צו חאפען גזלנים און פיינד, וואס פלעגען זיך דארטען בעהאלטען גאנצע באנדעס-ווייז, קורץ: אומעטום, וואו פיעל מענשען האבען זיך בעזעצט און געלעבט, דארטען האבען זיי פערניכטעט די וועלדער פאר זייער אייגענעם נוצען און בעקוועמליכקייט. זיי האבען זיי פערניכטעט אזוי פלייסיג און אזוי

פיעל, אַז פראַנקרייך, שפּאַניען און איטאַליען זענען יעצט געבליבען הויל, אָהן וועלדער.

אין דייטשלאַנד זענען אויך געוועזען גרויסע וועלדער און יעצט זענען זיי פערניכטעט; אין די פעראייניגטע-שטאַטען פון אַמעריקאַ ווערען אַלע יאָהר פערניכטעט מיליאָנען בוימער און די איינוואַנדערער, בעזונדערס די וואַלד-הענדלער, שניידען אָהן רחמנות אויף ברעטער בוימער פון 55 ביז 65 קלאַפטער די הויך.

וואו עס איז געוועזען וואַלד, איז איצטער פעלד. אויפ'ן פעלד זייט מען תּבואה. מענשען קענען דעריבער מיינען, אַז דאָס וואָס מען מאַכט אַ תּל פון די וועלדער איז דאָס פאַר מענשען אַ טובה, אין אמת'ן אָבער אַז מען זאָל זיך גוט צוקוקען און זעהן וואָס איז געוואָרען פון די ערטער, וואו מען האָט אויסגעהאַקט די וועלדער, וועט מען זיך איבערצייגען אַז די זאַך איז ניט אַזוי פּשוט.

## וואָס פאַר אַ נוצען די וועלדער ברענגען.

די בוימער פון וואַלד בעדעקען מיט זייערע צווייגען, אַזוי ווי מיט אַ שירם, די ערד פון די זונענשטראַהלען; זיי לאָזען ניט איינטריקענען זיך די טהוי און די פייכטקייט וואָס איז אין דער ערד. דער וואַלד נעהמט אַריין אין זיך דעם דאַמפף פון די וואַסער; די רעגענוואַסער ווערט אין וואַלד ניט אויס-געטריקענט מיט אַמאָל, נאָר זי געהט אַראָב טיעף אין דער ערד איבער די וואָרצלען פון די בוימער. קלוגע מענשען האָבען אַפילו בעמערקט, אַז ניט נאָר אין די ערטער, וואו עס איז דאָ וואַלד, איז מעהר פייכטקייט, נאָר אַפילו אין די דערבייאיגע ערטער; און וואו עס איז ניטאָ קיין וואַלד, דאָרטען איז וועניג פייכטקייט. זומער איז אין וואַלד ניט אַזוי הייס, און ווינטער ניט אַזוי קאַלט, ווי אין פעלד. און וואו מען האָט די וועלדער פערניכטעט, איז דאָרטען דער זומער זעהר אַ הייסער און די פעלדער ווערען צוברענט פון היץ. פּאַלעסטינאַ און אַנדערע לענדער אין אַזיען זענען אַמאָל געוועזען זעהר פרוכטבאַר, בשעת זיי האָבען געהאַט וועלדער, און זינט די וועלדער זענען דאָרטען פערשוואונדען, זענען זיי געוואָרען פערוויסטעט.

די וועלדער פערשטעלען גאַנצע לענדער פון ווינדען, אַזוי ווי אַ וואַנד אָדער אַ פּאַרקאַנג. אין די אָפענע ערטער בלאָזט דער ווינד ווינטער צייט אַראָב דעם שניי און דער גרונד ווערט לייכט דורכגעפראָרען; זומער צייט אָבער טריקענט דער ווינד, צובריקעלט דעם גרונד און מאַכט פון איהם

שטויב. כּמעט אין אַלע לענדער, וואו מען האָט אויסגעהאַקט די וועלדער,
האָט מען דערנאָך אָנגעהויבען צו בעמערקען, אַז די ווינטען האָבען אָנגעהוי-
בען דאָרטען שטאַרקער צו בלאָזען ווי פריהער. אַזוי איז געשעהן אין אי-
טאַליען, בעזונדערס אין דעם צפון-טייל, וואָס רופט זיך לאָמבאַרדיען. דאָר-
טען, אויף די בערג בושעוועט אַ טרוקענער און ברענענדיגער אַפריקאַנישער
ווינד, וואָס רופט זיך „סיראָקאָ“, און מאַכט אָן גרויסע צרות אויף די פעל-
דער, און אויף דעם האַלב אינזעל יוטלאַנדען אין מיטעל-אַמעריקאַ, האָבען,
צוליעב דיזעלבע זאַך, אָנגעהויבען צו בלאָזען שנײדענדיגע ים-ווינטען. אין
פראַנקרייך און אין דער שווייץ, זינט מען האָט דאָרטען אויסגעהאַקט די וועל-
דער און דערמיט געמאַכט אַ פרייען וועג די קאַלטע ווינטען, האָט מען אָנגע-
הויבען צו בעמערקען אַז דער פריהלינג האָט אָנגעהויבען אימער זיך פער-
שפּעטיגען, און פרוכטבוימער וואַקסען לאַנגזאַמער ווי פריהער.

אין אַנדערע ערטער, אין רוסלאַנד, זאָגען די אַלטע לייט אַז די לעצטע
פופצעהן, צוואַנציג יאָהר זײַנען די ווינטערס געוואָרען לענגער און קעלטער,
און די אָסיענס גליטשיגער; אַז דער זומער איז געוואָרען קירצער, די פעלדער
ווערען אָפטער צובּרענט, געקומען איז דאָס דערפון וואָס אין צפון-מזרח-
ווינקעל פון רוסלאַנד, נעבען די אוראַלער בערג, האָט מען פאַר דער צייט
אויסגעהאַקט די וועלדער, וואָס האָבען אַמאָל בעשיצט אַלע גובערניעס,
וועלכע זענען אין צפון-מזרח פון רוסלאַנד, פאַר די קאַלטע און טרוקענע
סיבירער ווינטען. אין די סטעפּעס פון דרום-רוסלאַנד האָט מען גאָר ניט
געוואוסט פון קיין ווינטער. פאַר די לעצטע הונדערט יאָהר האָט זיך די
טריקענע סטעפּ פון נײַ-רוסלאַנד צוגערוקט צו צפון זײַט אויף 80 אָדער
אַפילו 100 וויאָרסט. יעצט בלאָזט דאָרטען אַ ווינד, וואָס טראָגט אָן זומער —
טריקענעס — און ווינטער — שנײדענדיגע קעלט. אַפילו אין קרים און אויף
קאַווקאַז איז דער ווינטער געוואָרען שווערער און שאַרפער און דער זומער
— טריקענער. פרוכט-בוימער מוז מען שוין פלאַנצען אין די ערטער וואָס
ליגען מעהר צו דרום זײַט; אַט די בוימער האָבען אויפגעהערט צו ברענגען
פרוכט דאָרטען, וואו זיי האָבען פריהער יאָ געבראַכט. אין מיטעל-און-דרום-
רוסלאַנד ווערט דער גערעטעניש פון תבואה וואָס אַ יאָהר אַלץ ערגער,
כאָטש די ערד ווערט בעאַרבייט מיט בעסערע מיטלען ווי פריהער. דאָס
איז אַלץ געקומען דערפון וואָס מען האָט געמאַכט אַ תּל פון די וועלדער אין
מיטעל- און מזרח-זײַט פון רוסלאַנד.

די וועלדער ברענגען נאָך אַ נוצען: די בוימער לאָזען ניט דאָס קוואַל- און
רעגען-וואַסער אַוועקגעהן; די בוימער לאָזען אין פריהלינג דעם שניי ניט
צוגעהן אַזוי גיך. דאָרטען וואו די בערגלעך זײַנען בעדעקט מיט וואַלד,

לויפט דאָס וואַסער אַראָב ניט שנעל, נאָר ביסלעכווייז און עס נעהרט אַ לאַנגע צייט די טייכען און שטראָמען. אָבער ווען די וועלדער ווערען פערניכטעט, ווערען דאַן די אָזערעס, טייכען און שטראָמען אין זומער-צייט פלאַכער און קלענער, דאָס האָבען מענשען בעמערקט אין אַמעריקאַ און אין דער שווייץ, און אין רוסלאַנד זענען אַ סך קליינע טייכלעך גאָר אין גאַנצען אויסגעטריקענט געוואָרען. אפילו דאָס וואַסער אין די ברונעס איז אויך געוואָרען ווינציגער. אין קרים ווערען אַלע גרויסע טייכען זומער-צייט גאָר אין גאַנצען אויסגעטריקענט און די איינוואָהנער ליידען פיעל צָרות אָהן וואַסער.

---

# איבער'ן ים.

זינט מענשען האָבען זיך אויסגעלערנט בויען גרויסע און שטאַרקע שיפען און פיהרען זיי, האָבען אָנגעפאַנגען צו בענוצען זיך מיט זיי אַלץ מעהר און מעהר צו פאָהרען איבער די ים'ען און אָקעאַנען. אַמאָל פלעגען שיפען געהן איבער די ים'ען און אָקעאַנען מיט רודערס אָדער מיט דער קראַפט פון דעם ווינד, דערצו האָט מען געדאַרפט האָבען פערשיעדענע סאָרטען זעגלען. אָבער אויפ'ן ים בלאָזען אויך די ווינטען ניט שטענדיג; אָפט מאָל בלאָזט ער ניט אין דעם זייט, וואוהין די שיף דאַרף געהן, דעריבער איז געוועזען דאָס פאָהרען מיט'ן זעגעל-שיף איבער'ן ים אַ פערשלעפעניש. אין אָנפאַנג פון דעם 19-טען יאָהרהונדערט האָט איין אַמעריקאַנער, פולטאָן האָט ער געהייסען, אויסגעקלערט ווי צו בויען אַזאַ שיף, וואָס זאָל געהן איבער וואַסער אָהן זעגלען, נאָר אויף רעדער מיט דאַמפף, דאָס הייסט — אַ דאַמפף-מאַשין. אונגעפעהר מיט הונדערט יאָהר צוריק האָבען די איינוואָהנער פון ניו-יאָרק זיך אויפגעקליבען גאַנצע מאַסען אויפ'ן ברעג, אַ קוק צו טהון אויף דעם מאָדנעם סאָרט שיף; אויפ'ן שיף איז ניט געוועזען ניט קיין לייווינטען, ניט קיין זעגעל-בוימער; נאָר אַ אייזערנער קוימען האָט אַרויסגעשטעקט פון דעם דעק. דאָס איז געוועזען פולטאָן'ס ערשטער דאַמפף שיף. אַז פולטאָן האָט זיך בעוויזען אויף דער דעק פון זיין דאַמפף-שיף און האָט אָנגעהויבען איינצולאַדען די, וואָס ווילען פאָהרען אין דער שכנישער שטאָדט, האָט זיך קיינער ניט בעשלאָסען צו זעצען זיך אויף דעם נייעם מין שיף, און אויף פולטאָנ'ס איינלאַדונג האָט מען געענטפערט פון ברעג נאָר מיט אַ פייפערייא און זידלערייא. איינזאַם איז פול-טאָן געשטאַנען אויף דעם דעק, און באַלד האָט דער המון אויפ'ן ברעג דער-זעהן מיט אַ שרעק, ווי פון קוימען האָט זיך אָנגעהויבען צו קויקלען אַ רויך, עס

האבען זיך אנגעהויבען הילכען די רעדער און די דאמפף־שיף האט גענומען אבפאהרען פון ברעג, צום גרויסען וואונדער פון די צוזעהער. צוריק אין ניו־יארק האט איינגעווילוגט צו פאהרען נאר איין פאסאזשיר. אבער באלד האבען אלע איינגעזעהן, אז פולטאנס ערפינדונג איז א גוטע זאך, און איבער פיעלע טייכען און ים'ען האבען גענומען לויפען ניט קיין גרויסע דאמפף־שיפען. פון אנהויב האבען זיי זיך געריהרט זעהר לאנגזאם. — מען איז אויפ'ן ים נאך אלץ געפאהרען דאס רוב מיט זעגעל־שיפען, וואס פלעגען געהן מיט'ן ווינד. ערשט אין יאהר 1838 זענען צוויי דאמפף־שיפען צום ערשטען מאל איבערגעשוואומען דעם אטלאנטישען אקעאן, פון אמעריקא נאך ענגלאנד; אויף איינעם פון זיי זענען געווען פופצעהן פאסאזשירען, און געפאהרען זענען זיי פופצעהן טעג, אויף דעם צווייטען זענען געווען 94 פאסאזשירען און זיי זענען געפאהרען זיעבצעהן טעג. מיט דער צייט האבען גענומען געהן צווישען אייראפא און אמעריקא א סך דאמפף־שיפען און זייער געבוי איז געווארען אלץ בעסער. יעצט געהען איבער די ים'ען און אקעאנען שיפען אין אלע קאנטען. צווישען אייראפא און אמעריקא אליין, אייגענטליך, פון ענגלאנד און ניו־יארק און צוריק, פאהרען איבער מיט די דאמפף־שיפען ביי 400 טויזענד פאסאזשירען די סכנה אין אזא רייזע איז יעצט ניט גרעסער ווי בשעת מען פאהרט אויף דער יבשה.

וואס ווייטער מאכט מען אלץ גרעסערע שיפען, די מאשינעס ווערען אויסגעבעסערט, און יעצט נעהמט שוין דאס פאהרען פון אמעריקא נאך ענגלאנד ניט מעהר ווי זעקס, זיעבען טעג, און אין גיכען וועט, מסתמא, דויערן נאך ווייניגער — ניט מעהר ווי פיער טעג.

---

# די ערפינדונג פון דרוק.

אין די פריהערדיגע צייטען האט מען אפילו קיין בעגריף ניט געהאט פון א דרוק. ביכער פלעגט מען ווייסען נאר ווארט און ווארט איבערגעשריבענע פון כתב־יד. אבער דאס איז געווען א שווערע ארבייט און האט געקאסט פיעל מיה. יעצט קען מען אבדרוקען אין איין טאג און אויף איין דרוק־מאשין עטליכע הונדערט ביכער פאר אמאל. פריהער אבער פלעגט דאס איבערשרייבען אבנעהמען א יאהר, צוויי און נאך מעהר צייט. אויף אזא אופן זענען, פארשטעהט זיך, געווען ווייניג ביכער און נאך ווייניגער לעזער. דאס לעזען און שרייבען איז דעריבער געווען זעהר שווער און ווייניג פערשפרייט צווישען פאלק. ערשט אין די שפעטערדיגע דורות,

ווען די בעדערפעניששען פון פאָלק האָבען זיך פערגרעסערט, ווען זיינע
גייסטיגע קרעפטען האָבען זיך ענטוויקעלט, האָט מען אָנגעהויבען זוכען מיט-
לען, ווי צו פערבעסערען די קונסט פון איבערשרייבען ביכער. מען איז גע-
פאַלען אויף אַזאַ המצאה: מען האָט אויסגעשניטען בולטע אותיות אויף
איין האָלץ-טאָוועל און מיט דעם טאָוועל אָבגעשטעמפעלט דאָס גלאַטע פאַ-
פיר. ווען די ערשטע פראָבע איז געראָטען, האָט מען געפרובט מיט דעם
זעלבען מיטעל צו דרוקען גאַנצע ביכלעך. מען האָט פריהער אויסגעשניטען
די אַלע אותיות פון אַ גאַנצער פערשריבענער זייט פאַפיר אויף אַ האָלץ-טאָ-
וועל און צוגעדרוקט דעם טאָוועל מיט פאַרב אויף פאַפיר. אויף אַזאַ אופן
האָט מען פון דער איינענער זייט געקענט בעקומען, אָהן איבעריגער מיה און
געלד, וויפיעל קאָפיעס מען האָט געוואָלט.

דיעזע ערפינדונג האָט שוין פיעל פערלייכטערט דאָס לעזען און שריי-
בען, אָבער דאָך האָט נאָך געדאַרפט קאָסטען פיעל צייט און געלד, איי-
דער מען האָט אויסגעשניטען די טויזענדער אותיות פון איין פערשריבע-
נעם בויגען פאַפיר. אַזוינע ביכלעך, וואָס זענען בעשטאַנען פון צוויי דריי
זייטלעך, האָט מען נאָך ווי עס איז געקענט דרוקען, אָבער גרויסע ביכער
האָט מען שוין מיט דעם מיטעל ניט געקענט דרוקען. הונדערטער יאָהרען
זענען אַריבערגעגאַנגען און מען האָט אַלץ ניט געפונען קיין בעסער מיטעל
ווי צו דרוקען גרויסע ביכער, ביז עס איז אַם ענדע איינגעפאַלען איינעם
יאָהאַנעס גוטענבערג אַ גליקליכער געדאַנק: ער האָט זיך אויסגעשניטען
אַלע אותיות פון אלף-בית, יעדער אות בעזונדער. אַזעלכע אותיות
האָט ער זיך אָנגעשניטען אַ סך און זיי צוזאַמענגעשטעלט איינס נעבען אַנ-
דערען, לויט דעם כתב-יד, וואָס ער האָט פאַר זיך געהאַט. ווען די אַלע
אותיות פון אַ גאַנצער זייט זענען שוין צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען, האָט
ער זיי אַרומגעבונדען און פערקניפט, אום זיי זאָלען זיך ניט צושיטען און
האָט מיט די צוזאַמענגעזעצטע אותיות געדרוקט ווי מיט אַ אויסגעשניטענעם
טאָוועל. דיעזע ערפינדונג האָט געהאַט גרויסע מעלות: ראשית, איז
פיעל לייכטער אויסצושניידען בלויז איינציגע בעזונדערע אותיות, איידער
זיי אויסשניידען בולט אויף איין האָלץ-טאָוועל. צווייטענס, קען מען די-
זעלבע אותיות געברויכען אויף צו דרוקען פיעל מאָל גאָר פערשידענע
כתבים. באַלד נאָכדעם האָט גוטענבערג מאַכן געמאַכט אַזאַ פאָרם אָב-
צוגיעסען בלייענע אותיות, אַזוי אַז דאָס דרוקען איז געוואָרען אַ ביליגע
און גרינגע זאַך.

די גרויסע ערפינדונג איז זעהר גיך בעקאַנט געוואָרען אין דער גאַנ-
צער וועלט. אומעטום זענען איינגעפיהרט געוואָרען דרוקען, און מען האָט

זיך גלייך גענומען צו דער ארבייט, און אין קורצען האבען זיך שוין אויפ'ן מארק בעוויזען גאנצע מאסען ביליגע ביכער. די ביליגע ביכער האבען בעשאפען נייע לעזער, און די גאנצע מענשהייט האט בעקומען די מעגליכקייט צו לערנען און צו בילדען זיך, און דאס האט גוטענבערג טאקי געמיינט.

פיעל דרוקער זענען רייך געווארען פון דער נייער ערפינדונג, אבער גוטענבערג אליין איז געשטארבען אין עלענדקייט און אין ארימקייט און עס איז אפילו ניט בעוואוסט וואו זיין קבר געפינט זיך, אבער די מענשען וועלען שוין קיינמאל ניט פערגעסען דעם נאמען פון דעם גרויסען ערפינדער, וואס האט געגעבען יעדען איינציגען דעם שליסעל צו די גרויסע אוצרות פון דעם מענשליכען גייסט.

---

## די בעשעפטיגונגען פון דעם מענשען.

די ערשטע זארג פון דעם מענשען, סיי פון דעם ווילדען, סיי פון דעם ציוויליזירטען, איז צו שאפען דאס, וואס איהם איז נויטיג, כדי צו ערהאלטען זיין לעבען, נעמליך: שפייז צו נעהרען זיין קערפער און קליידונג און וואוינונג, כדי זיך צו שיצען פון רויהען וועטער. די ארבייט פון דעם מענשען צו שאפען די בעדערפעניסען פון לעבען ווערט אין אלגעמיין אנגערופען געווערב אדער אינדוסטריע.

מענשען אין ווילדען צושטאנד האבען ווייניגער בעדערפענישען, און יעדער איינצעלנער שאפט כמעט אליין אלעס, וואס ער האט נויטיג פאר זיך: ער מאכט די געוועהר, די כלים אויף דער צובערייטונג פון זיין שפייז און די געצייג צום מאכען קליידער און בויען וואוינונגען. ווען מענשען ווערען ציוויליזירט, פיהלען זיי א בעדערפעניש פאר מעהרער זאכען און שעהנערע; אבער פראדוצירען, אויסארבייטען מעהר און שעהנער איז אונמעגליך, ווען יעדער איינצעלנער מאכט אלעס אליין. מענשען זענען דעריבער געקומען צום געדאנק זיך אבצוגעבען מיט בעזונדערע ארבייטען און אויסצובייטען די פראדוקטען צווישען זיך. יעדער איינער לערנט זיך אויס צו טהון זיין ספעציעלע ארבייט שנעלער און בעסער, ווי ער וואלט דיזעלביגע ארבייט געמאכט, ווען ער זאל האבען צו טהון אלע מלאכות.

די פראדוקציאן (שאפונג) פון רויהען מאטעריאל פאר שפייז, קליידונג און וואוינונגען האט זיך ענטוויקעלט אין פינף גרויסע אינדוסטריען, נעמליך: ערד־ארבייט, פיה־צוכט (ערציהונג פון פיה), פיש־פאנג, האלצ־

אינדוסטריע און בערג-בוי (אויסגראבונג פון מעטאלען, שטיינקוילען א. ז. וו.). די אויסארבייטונג פון די רויהע מאטעריאלען אין פארטיגע ארטיקלען פיהרט צו פאבריקאציאן אדער מאנופאקטור. וועלכע טיילט זיך אין אונצעהליגע פאכען. די פערטיילונג פון רויהע מאטעריאלען און פארטיגע ארטיקלען פיהרען צו האנדעל און טראנספארט. מיט דיעזע זיעבען אינדוסטריען בעשעפטיגט זיך דער גרעסטער טייל פון דער מענשהייט.

---

# די ערד-ארבייט.

ערד-ארבייט איז די וויכטיגסטע פון אלע בעשעפטיגונגען. בערך א פיערטעל פון די ארבייטער פון דער ציוויליזירטער וועלט גיט זיך אב מיט דיעזער אינדוסטריע. דער בעסטער באדען פאר לאנד-ארבייט איז אין די פלאכע ערטער פון מעסיגע געגענדען, וואו עס פליעסען גרויסע טייכען; אבער וואו עס איז נאר דא באדען מיט גענוג וואסער און ווארימקייט פאר פלאנצען צו וואקסען, ווערט שפייז פראדוצירט, ווען עס איז נאר דא א נאהענטער מארק דאס אבצוזעצען. גארטענס-גרינס און פיעלע סארטען פרוכט ווערען פראדוצירט אין ערטער, וועלכע זענען נאהענט פון שטעדט. די הויפט שפייז-געוויקסען זענען ווייץ, האבער, גערשטען און רייז. ווייץ איז דער הויפט שפייז-ארטיקעל אין אמעריקא און וועסט-אייראפא. ער וואקסט אם בעסטען אין א קיהלליכען קלימאט און ווערט דעריבער זעהר פיעל בעארבייט אין די ניעדערלענדער פון די מעסיגע גארטלען*) פון דער ערד, אבער ער וואקסט אויך ניט אויף די הויכלענדער פון דעם הייסען גארטעל (איבער די הויכלענדער איז די לופט קיהלער). קארן איז איינע פון די הויפט-שפייזען פאר מענשען און הויזליכע בהמות און ער וואקסט זעהר שנעל און גוט איבעראל, וואו דאס וועטער איז אין דער בעשטימטער צייט פון יאהר הייס און פייכט. האבער און גערשטען ווערען בעארבייט אין די קיהלע געגענדען פון כמעט אלע לענדער פון די מעסיגע גארטלען. רייז ווערט פראדוצירט אין ווארימע געגענדען, איבערהויפט אין ערטער, וועלכע קענען לייכט ווערען איבערשוועמט. קארטאפעל און בוראקעס

*) מעסיגע גארטלען הייסען די לענדער, וואו דער קלימאט איז מעסיג, ניט שטארק קאלט און ניט שטארק הייס; הייסע גארטלען זענען די לענדער נעבען עקוואטאר, וואו עס איז שטארק הייס.

וואקסען אין די מעסיגע קלימאטען און ווערען דירעקט בענוצט אלס שפייז, אבער פון בוראקעס ווערט אויך געמאכט צוקער. בערך א העלפט פון דעם צוקער, וואס ווערט בענוצט אין דער וועלט, ווערט געמאכט פון בוראקעס; דער אנדערער צמחי וועלכער פראדוצירט צוקער, איז דער צוקער-ראהר, וועלכער וואקסט אין א הייסען און פייכטען קלימאט. פון פרוכטען זענען עפעל די וויכטיגסטע אין די מעסיגע גארטלען, וויל מען קען זיי לייכט האלטען איבער ווינטער. וויינטרויבען זענען פערטיילט אין פיעלע פערשיעדענע געגענדען; אפעלסינען און ציטראנען ווערען פראדוצירט אין די ווארימע טיילען פון די מעסיגע גארטלען. באנאנעס און טייטלען זענען די הויפט שפייז פון מענשען אין מאנכע טראפישע געגענדען. טיי ווערט נאר פראדוצירט אין די מעסיגע געגענדען פון דער אסטליכער האלבער ערד-קוגעל, ווערענד קאפע וואקסט אין דעם טראפישען קלימאט און ווערט פראדוצירט אין ביידע האלבע קוגלען. טאבאק וואקסט אין די ווארימערע טיילען פון די מעסיגע גארטלען אין ערטער, וואו עס איז דא פיעל רעגען. אין די פעראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא ווערט פראדוצירט א העלפט פון דעם גאנצען טאבאק פון דער וועלט. זעהר וויכטיג פאר די מענשען זענען די צמחים, וועלכע ליעפערען מאטעריאלען אויסער שפייז; דיעזע זענען: די באוועל-פלאנצען, פון וועלכער עס ווערט פראדוצירט צייג פאר קליידער; פלאקס, פון וועלכען עס ווערט געמאכט לייוונט און פראדוצירט ליין-זוימען אויל; קאנאפלעס אדער האנף און אינדישער האנף, פון וועלכע עס ווערען געמאכט שטריק. באוועל וואקסט אין די פייכטע ניעדערלענדער פון די מעסיגע געגענדען. פלאקס און האנף וואקסען אי אין ווארימע אי אין קאלטע לענדער.

---

## פיה־ערציהונג.

דער מענש האט צוגעוועהנט צום הויזליכען געברויך פערשיעדענע חיות, וועלכע ער בענוצט אלס לאסט-טרעגער און אלס שפייז. די נוצליכסטע לאסט-חיות אין פערשיעדענע טיילען פון דער וועלט זענען דער פערד, דער קעמעל, דער עזעל, דער העלפאנד, דער אקס, דער ליאמא, דער הירש, און אין אייניגע ערטער אויך דער הונד. דער הונד ווערט בענוצט אין קאלטע ערטער צו ציהען שליטענס און אין פיעלע טיילען פון אייראפא און אזיען צו שלעפען קליינע וועגלעך. אייניגע פון דיעזע און

מאנכע אנדערע הויזליכע טיערע ווערען בענוצט אלס שפייז. פיה, שווייען, שאף און עופות ליעפערן דאס מעהרסטע פלייש, וואס ווערט בענוצט אין דער וועלט. פיה (אקסען, רינדער) זענען די וויכטיגסטע טיערע פיר שפייז. זיי ווערען ערצויגען זעהר פיעל פאר פלייש און אום צו קריגען מילך, פוטער און קעז. עופות ווערען געהאדעוועט זעהר פיעל כמעט אין אלע ציוויליזירטע לענדער ניט נאר אויף פלייש, נאר אויך צוליעב זייערע אייער, וועלכע ווערען טעגליך בענוצט; די לעבעדיגע עופות די זייערע אייער ווערען עקספארטירט (ארויסגעפיהרט) פון פיעלע לענדער. שעפסען און ציעגען ווערען ערצויגען מעהרסטענס צוליעב זייער וואל אדער האאר, וועלכע ווערען בענוצט צום מאכען שטאף פאר קליידונג, אבער זייער פלייש ווערט אויך געגעסען. די אלפאקא (א מין שעפס), וועלכע האט לאנגע פיינע וואל, ווערט געהאלטען אין גרויסע סטאדעס אין די אנדען=בערג (אין זיד=אמעריקא) און אין מאנכע טיילען פון דער וועלט ווערט דאס האאר פון קעמעל בענוצט צום מאכען גראבע שאלען און טעפיכען. די פעלען פון מאנכע הויזליכע טיערע ווערען איסגעארבייט אין לעדער. ביינער, הערנער און קאפיטעס ווערען בענוצט צום מאכען קאמיין, קנעפלעך, הענטלעך פאר מעסערס און קליי. דאס האאר פון פיה און דער אבפאל פון וואל ווערען בענוצט צום מאכען פילץ, און חזיר=האאר צום מאכען בערשט. די ערציהונג פון הויזליכע טיערע געהט געוועהנליך צוזאמען מיט לאנד=ארבייט און כמעט יעדער לאנד=ווירט גיט זיך אפ מיט דיעזער אינדוסטריע. אין פיעלע ערטער פון דער וועלט, בעזונדערס אין טריקענערע טיילען פון גראזיגע געגענדען, וואו עס איז ניטא גענוג רעגען פאר לאנד=ארבייט, איז די ערציהונג פון פערד, פיה און שאף די הויפט בעשעפטיגונג.

---

# פיש־פאנג.

די פיש=אינדוסטריע פערנעהמט זעהר א וויכטיגען ארט אין דער ווירטשאפט פון דעם מענשען. פיש בילדעט א בעדייטענדען טייל פון דער טעגליכער שפייז אין אלע לענדער, און אין איניגע ערטער, צום ביישפיעל אין יאפאן, איז פיש נאך רייז די הויפט=נאהרונג פאר דאס פאלק. די בעסטע ערטער אין דער וועלט צום פישען זענען די ניט טיעפע טיילען פון ים ביי די ברעגען אין דעם נארדליכען מעסיגען גארטעל פון דער ערד. די וואסערן ביים אינזעל ניופאונדלענד נעבען נארד אמעריקא, צייכנען זיך אויס אלס גוטע ערטער

פאַר דעם פאַנג פון שטאָק-פיש, וועלכע ווערען זעהר פיעל געברויכט. דיזע פיש ווערען גלייך נאָכ'ן כאַפּען געטריקענט אויף דער זון און דאַן ווערען זיי געפּאַקט און אַוועקגעשיקט צום מאַרק. גוטע ערטער פאַר [דעם פאַנג פון שטאָק-פיש זענען אויך דאָ ביי דעם נאָרד-וועסטליכען ברעג פון אייראָפּאַ. אַנדערע פישען, וועלכע ווערען פיעל געפאַנגען זענען הערינג, מאַקרעלען סאַרדינען און לאַקס. הערינג ווערען געזאַלצען, גערויכערט אָדער גע-געטריקענט; מאַקרעלען ווערען איינגעמאַכט אין אַ שטאַרקען געזאַלצענעם סאָס אָדער לייק. סאַרדינען זענען קליינע הערינגלאַך, וועלכע ווערען איינגע-מאַכט אין אוילף-אין פעסט פערמאַכטע בלעכענע פושקעס. סאַרדינען ווערען פיעל געפאַנגען ביי דעם ברעג פון נאָרד אַמעריקאַ, אָבער דיזע זענען ניט דער ריכטיגער אַרטיקעל; די עכטע סאַרדינען געפינען זיך נאָר ביי די זידליכע און וועסטליכע ברעגען פון אייראָפּאַ. לאַקס ווערט געכאַפּט אין טייכען, וואו זיי קומען אַריבער פון ים צו לעגען זייערע אייער אָדער לאָזען זייער רויגען. מאַסען פון דיזען פיש ווערען געפּאַקט (אין בלעכענע פושקעס) ביי דעם וועסטליכען ברעג פון נאָרד אַמעריקאַ. דיזער סאָרט פיש ווערט אויך גערויכערט. דער טייערסטער פיש פון די זיסע וואַסערן איז דער ווייס-פיש, אַ סאָרט לאַקס, וועלכער געפינט זיך אין די גרויסע אָזערעס פון נאָרד אַמעריקאַ און נאָרד אייראָפּאַ. פון די שאָל-פיש ווערען הויפּטזעכליך געפאַנגען אויף שפּייז די קראַבען, די ראַקעס און די אויסטערן. די אויסטערן זענען ווייכע חיה'לאַך, וועלכע ליעגען אין שאָלאַכצען, וואָס זעהען אויס ווי שיסעלאַך; זיי געפינען זיך אויף דעם גרונט פון ניט טיעפע וואַסערן נאָהענט פון ברעגען און מען קריעגט זיי אַרויס מיט אייזערנע נעצען אָדער מיט אַ סאָרט צוואַנגען. אויסטערן זענען דאָ זעהר פיעל ביי די ברעגען פון אַמעריקאַ און אייראָפּאַ און מען שיקט זיי נאָך פיעלע געגענדען אין דיזע וועלט-טיילען. מאַנכע וואַסער-טיערע ווערען געפאַנגען צוליעב אַנדערע צוועקען ווי שפּייז, ווי צ. ב. די ים-הינד צוליעב זייער טייערע פעל, דער וואַל-פיש אויף זייל און פיש-ביין א. ז. וו. די גאָמקע אָדער שוואָם, וועלכע איז אַזאַ נוצליכער אַרטי-קעל, איז דער סקעלעטאָן פון אַ ים-חיה. פערל קומט פון אַ מין אויסטער און קאָראַל איז דער פּראָדוקט פון קליינינקע ים-חיה'לאַך אין די וואַרימע וואַסערן.

# האָלץ־אינדוסטריע.

די האָלץ=אינדוסטריע איז זעהר אַ גרויסע און זעהר אַ וויכטיגע, ווייל האָלץ ליעפערט מאַטעריאַל אויף בעהייצונג, מאַטעריאַל צום בויען און מאַטעריאַל אויף פיעל פערשיעדענע נוצליכע אַרטיקלען, אָהן וועלכע מען קען זיך ניט בעגעהן. בערך צוויי דריטעל פון דעם געהילץ, וואָס מען שניידט אויס פון די וועלדער, ווערען בענוצט אויף בעהייצונג; דאָס איבעריגע ווערט בענוצט צום מאַכען וואוינונגען, מעבעל, פוהרען און אונצעהליגע אַנדערע נוצליכע אַרטיקלען. אויסער בוי=מאַטעריאַל און בעהייצונג בעקומט מען פיעל אַנדערע נוצליכע פראָדוקטען פון בוימער. פון די פיכטען=בוימער (סאָסנעס) בעקומט מען סמאָלע, פעך און טערפענטין. דער זאַפט פון איינינע סאָרטען טראָפּישע בוימער ליעפערט רעזינע אָדער גומי, וועלכע ווערט בענוצט צום מאַכען קאַלאָשען און פיעלע אַנדערע נוצליכע אַרטיקלען. די קאָרעס פון דעם אייכען=בוים (דעמב) און דעם שיערלינג ווערען בענוצט צום גערבען לעדער. די ביליגערע סאָרטען פאַפּיער ווערען געמאַכט פון האָלץ און פיעלע בוימער ליעפערן מעדיצינען און האָלץ צום פאַרבען (פאַרב=האָלץ). האָלץ ווערט אין פיעלע ערטער געשניטען אים הערבסט און ווינטער. די בוימער ווערען אָבגעשניטען מיט העק אָדער זעגען, ווערען אַרומגעשניטען אין קלעצער און ווערען אַוועקגעשיקט אין פליטעס מיט דעם נאָהענטסטען וואַסער אין די שנייד=מיהלען. אין איינינע ערטער ווערען געבויט עקסטרא באַהנען צום פיהרען די קלעצער אין די שנייד=מיהלען אָדער צום וואַסער. אין די שנייד=מיהלען ווערט דאָס האָלץ געשניטען אין פיער=עקיגע קלעצער אָדער אין ברעטער, וועלכע מען לאָזט גוט דורכטריקענען, איידער מען בענוצט זיי. די פערשיעדענע סאָרטען האָלץ אונטערשיידען זיך אין זייער שטייפקייט און שטאַרקייט: די גאָדעל=בוימער, ווי צ. ב. דער טענען=בוים און דער פיכטען=בוים (סאָסנע), זענען זעהר גוט צו פיעלע זאַכען, ווייל זייער האָלץ איז ווייך, לאָזט זיך לייכט אַרבייטען און איז גרינג אין געוויכט, האָטש עס איז ניט אַזוי דויערהאַפט ווי די האַרטע האָלצען פון דעמב, וואַלנוס, עשען=האָלץ און אַנדערע. ווייכע האָלצען, איבערהויפּט פיכטען=האָלץ, ווערען בענוצט צום בויען הייזער און צום מאַכען פיעלע האָלץ=אַרטיקלען, וועהרענד די האַרטע האָלצען ווערען בענוצט צום בויען שיפען און צום מאַכען פוהר=ווערק (וואָגענס, קאַרעטען א. ז. וו.), מעבעל, ווערקצייג פאַר לאַנד=אַרבייט און אַנדערע אַרטיקלען, וועלכע פאָדערן שטאַרקייט.

---

# בערג־בוי.

בערג־בוי איז אַריעזיגע אינדוסטריע. דורך גראָבונגען אין בערג בעקומען מיר פיעלע זאַכען, וועלכע זענען אונז נויטיג אין אונזער טעגליכען לעבען, ווי אויך אַרטיקלען פון דעם העכסטען לוקסוס. דער וויכטיגסטער צווייג פון דיעזער אינדוסטריע איז די אויסגראָבונג פון קויהלען, וועלכע ווערען בענוצט אויף בעהייצונג און צום מאַכען גאַז אויף בעלייכטונג. קויהלען געפינען זיך אין אַלע וועלט־טיילען, דער מערהסטער טייל ווערט געגראָבען אין וועסט אייראָפּאַ און נאָרד אַמעריקאַ. די שיכטען פון קויהלען שטעקען מאַנכמאָל אַרויס ביי די זייטען פון בערג און די קויהלען ווערען אויסגעגראָבען דורך טונעלען, וועלכע מען ברעכט דורך מיט דינאַמיט אין די שיכטען; אָבער אין פיעלע ערטער קען מען די קויהלען גרייכען נאָר דורך טיעפע גריבער אָדער שאַכטען, וועלכע ווערען אויסגעגראָבען פון אויבען. אונטען אין די גריבער ווערען אין די קויהלען־שיכטען געמאַכט טונעלען און דורכגענג צום אַרבייטען. אַזעלכע דורכגראָבונגען ווערען אָנגערופען מינען. אויסער קויהלען ווערען פיעל געגראָבען אַנדערע אַרטיקלען, פון וועלכע די נוצליכסטע זענען: אייזען, קופּער, זילבער, צין, בליי, צינק און שטיין. אייזען איז דער וויכטיגסטער פּראָדוקט נאָך קויהלען. ווי די מערהסטע אַנדערע מעטאַלען געפינט מען אייזען ניט אין אַ ריינעם צושטאַנד, נאָר צוזאַמענגעמישט מיט אַנדערע מאַטעריאַלען. מעטאַל, וואָס איז אַזוי צוזאַמענגעמישט, ווערט אָנגערופען ערץ אָדער רודע. די געמישטע מעטאַלען אָדער רודעס ווערען גערייניגט אין אַ טיגעל־אויווען. אייזען געפינט זיך כמעט אין יעדען לאַנד, אָבער די גרעסטע אייזען־מינעס אין דער וועלט זענען געוועהנליך נעבען גרויסע מינעס פון שטיין־קויהלען. אייזען געפינט זיך אָפט נאָהענט פון דער אויבערפלעך; אין אַזאַ פאַל ווערט עס געגראָבען מיט העק און שופלען, אָבער אייזען און די אַנדערע מעטאַלען ווערען אויך געגראָבען טיעף אונטער דער ערד, ווי קויהלען. גאָלד און זילבער זענען זעלטענער ווי די אַנדערע מעטאַלען, אָבער זיי האָבען די מעלה, דאָס זיי זשאַווערען ניט און זיי ווערען דעריבער אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט בענוצט אַלס געלד. דיעזע ביידע מעטאַלען געפינען זיך געוועהנליך אין אָדערן פון זעהר אַלטע פעלזען. כדי אַרויסצוקריגען דאָס גאָלד פון פעלז, ווערט דער פעלז צומאָהלען אין שטויב און דער שטויב ווערט געוואַשען מיט וואַסער אין אַזאַ שטאָף, וועלכער ציהט אַרויס דאָס גאַנצע גאָלד און לאָזט איבער דעם פעלז־שטויב. אַזוי גיט עס אויך מעטאָדען ווי צו בעהאַנדלען די רודעס פון די אַנדערע מעטאַלען.

וועלכע זענען דא אויבען אויסגעררעכענט געוואָרען. שטיין געפינט זיך אין אלע
טיילען פון דער וועלט און ווערט בענוצט צום בויען, אויך צום ברוקירען און
צום מאכען שאָסעען. שיעפער־שטיין ווערט בענוצט אויף דעכער, קאלך־
שטיין ווערט בענוצט צום שמעלצען אייזען און צו מאכען צעמענט צום בויען,
דאָס אָרט, וואו מען האקט אוים שטיין, ווערט אָנגערופען שטיין־ברוך.

---

# מאנופאקטור.

מאנופאקטור איז די אויסאַרבייטונג פון רויהע מאטעריאלען אין פאר־
טיגע ארטיקלען. פאַרצייטען האָט מאנופאקטור געמיינט אויסאַרבייטען זאכען
מיט דער האַנד. אָבער אין יעצטיגע ציוויליזירטע צייטען מיינט עס אויך אויס־
אַרבייטען מיט מאשין, וועלכע מענשען האָבען ערפונדען, כדי צו ערלייכט־
ערן זייער אַרבייט. אין די ערשטע צייטען האָט דער מענש בענוצט וואסער
אלס קראפט צו טרייבען זיין מאשינעריע און פיעל שטעדט זענען געבויט גע־
וואָרען ביי ערטער, וואו עס געפינען זיך וואסער־פאלען. שפעטער איז מען
דערגאַנגען צו בענוצען אלס טרייב־קראפט דאמפף אָדער פארע, וועלכע
טרייבט פיעל שנעלער און שפאָרט, אלזאָ, אַ סך מעהר אַרבייט־צייט. די ערש־
טע דאמפף־מאשין איז ערפונדען געוואָרען בערך מיט 150 יאָהר צוריק. פיעל
שפעטער איז מען געפאלען אויף די אידעע, דאָס מען קען מיט אַ דאמפף־
מאשין פיהרען צוגען פון וואַגאָנען און טרייבען שיפען אויפ'ן וואסער, און נאָך
שפעטער האָט מען אויסגעפינען, דאָס מען קען מיט דאמפף־קראפט פראָ־
דוצירען עלעקטריציטעט, וועלכע איז אליין אַן אויסגעצייכענטע קראפט צו
טרייבען מאשינען. אדאַנק דיזע ערפינדונגען, וועלכע מאכען לייכט איבער־
צופיהרען רויהע מאטעריאלען און פארטיגע סחורות פון איין אָרט אין דעם
אַנדערן, זענען אויסגעוואקסען מאנופאקטור־שטעדט אין פיעלע ערטער אין
דער ציוויליזירטער וועלט. איבערהויפט צייכענען זיך אוים מיט זייער מא־
נופאקטור די לענדער, אין וועלכע עס ווערט געגראָבען פיעל קוילען און
אייזען. די הויפט מאנופאקטורען פון דער וועלט זענען וועבערייען פון טוך אָדער
צייג, די שמעלצונג און אויסאַרבייטונג פון מעטאלען און די צוברייטונג פון
שפייז. די וויכטיגסטע מאטעריאלען אויף טוך און צייג זענען באוועל, וואָהל
און זייד. פלאקס ווערט פאבריצירט אין לייווענט און אינדישער האַנף ווערט
ווערט בענוצט צום מאכען אַ מין גראָבע צייג. די מעטאלען, וועלכע ווערען

פיעל בענוצט אויף מאנופאקטור, זענען אייזען, קופער, צין, בליי און צינק. אייזען ווערט מעהר בענוצט, ווי אלע אנדערע מעטאלען. קופער, צין, בליי און צינק ווערען פיעל בענוצט צום מאכען כלים. די מאנופאקטור פון שפייז בעשטעהט אין מאהלען פערשיעדענע סארטען געטריידע אין מעהל און אין דער צובערייטונג פון פערשידענע שפייז-ארטיקלען, ווי פיש, פלייש, פרוכט און גרינסען, וועלכע קומען געוועהנליך געפאקט אין בלעכענע פושקעס.

---

# מסחר.

פערשיעדענע ערטער אין דער וועלט פראדוצירען פערשיעדענע זאכען און דאס, וואס ווערט פראדוצירט אין איין ארט, איז מאנכמאל נויטיג אין אנ'אנדערן; מענשען פון פערשיעדענע ערטער פערקויפען דעריבער זייערע איבעריגע פראדוקטען איינע צו די אנדערע. דאס קויפען, פערקויפען און די איבערפיהרונג פון ארטיקלען בילדען עם די אינדוסטריע פון האנדעל. ווען דער האנדעל איז צווישען ערטער פון דעמזעלביגען לאנד, ווערט ער אנגערופען היימישער האנדעל! ווען ער ווערט געפיהרט צווישען בעזונדערע לענדער, ווערט ער אנגערופען אויסלענדישער האנדעל. עקספארט הייסט דאס ארויספיהרען פון דער סחורה אין אנדערע לענדער; אימפארט הייסט דאס אריינפיהרען פון דער סחורה אין לאנד.

אום צו פערגרעסערן און פערבעסערן דעם אויסלענדישען האנדעל, האט יעדעס לאנד און אלע גרויסען האנדעל-שטעדט פון דער וועלט פערטרעטער, וועלכע ווערען אנגערופען קאנסולען, אויפצופאסען אויף די אינטערעסען פון זייערע אייגענע לענדער מיט די לענדער, אין וועלכע זיי ווערען געשיקט. די אויפגאבע פון די קאנסולען איז צו שיצען די אינטערעסען פון זייערע לאנדלייט, וועלכע קומען וועגען מסחר, און צו זאמלען ידיעות וועגען דעם, וואס די פרעמדע לענדער פראדוצירען און אין וואס זיי נויטיגען זיך*).

---

*) מיר געפינען פאר נויטיג צו בעמערקען אז מאנכע ארטיקלען, וואס זענען שייך צו דער אבטיילונג „וויסענשאפט", האבען מיר גענומען ביי אלכסנדר הארקאווי.

# אינהאַלט:



## פינפטע אבטהיילונג:

## וויסענשאַפט:



